פון

# אונזער גייסטיגער חריפות

צווייטער טייל

אַנעקדאָטען און שיחות חולין פון גאונים וצדיקים

פון

## דוד קירשענבוים

רב בקהלת בני משה בן יהודא בלאָנדאָן, אשר באָנטאריא

ניו־יאָרק, תרצ״ח



בהוצאת

בית מסחר ספרים „פרדס״

י. ז. בוכבינדער, נשיא

44-42 רחוב קאנאל, ניו־יאָרק, נ. י.

# פאָרבאַמערקונג

ביי די „מתוקנים שבהם" פון די אומות־העולם איז א מנהג, צונויף צו קלויבען יעדעס וואָרט, וואָס זייערער א „גדול" האָט אמאָל געזאָגט אָדער געשריבען, אפילו ווען דאָס איז געווען אין א צושטאַנד פון „כד ניים ושכיב" — און אָפטמאָל איז דאָס איבערגעגעבענע וואָרט פון אַזאַ „גדול" אזעלכעס, וואָס גיט נישט קיין כבוד צום „בעל המאמר".

דאָס נעמליכע ווערד אויך לעצטענס געטהון ביי אונזערע גרויסע „משכילים", וואָס איטליכער דערצעהלט אויף זייער נאָמען אן אנעקדאָט אָדער א גלייכווערטעל — און מען קוקט נישט דאַביי, צי דער אנעקדאָט אָדער דאָס גלייכווערטעל האָט א ווערדע פאַר די מענשען אָדער נישט.

אַנדערש איז שוין ביי אונזערע גאונים וצדיקים — להבדיל — דאָס וואָס זיי האָבען איבערגעלאָזען אין ספרים, ווערד אָפגעהיט ווי די טייערסטע אוצרות, אָבער וואָס עס איז נישט באַהאַלטען אין ספרים, לאָזט מען פשוט ארומוואַלגערען פון מויל צו מויל, פארקריפּעלט און פאַלש איבערגעגעבען, נישט ריכטיג איינגעטיילט — און מעהר נאָך לאָזט מען אין גאַנצען פארלוירען געהען.

בזה האופן געהען פאַרלוירען טויזענטער אַנעקדאָטען און גלייכווערטלעך פון אונזערע גרעסטע גאונים וצדיקים, וואָס זיינען אוצרות פון תורה און יראת שמים — און אין בעסטען פאַל ווערד זייער שאַרפקייט אזוי אָפגעטעמפט, אז דער לייענער קען נישט פאַרשטעהען דעם „חדוד".

האָבען זיך שוין פיעלע ביז היינט פרובירט, צונויף צו קלויבען און אָפּצוראַטעווען אָט די אלע אנעקדאָטען און גלייכווערטלעך פון פאַרגעסענהייט. האָבען זיי אָבער אויסגעמישט סולת מיט פסולת, איבערגעגעבען פאַלש און פאַרוועקסעלט די ווערטער פון איינעם אויף'ן נאָמען פונ'ם אַנדערן.

איז מיר דערפאַר צוגעפאַלען די אויפגאַבע, צונויף צו קלויבען אַזעלכעס, וואָס איז זיכער ארויסגעקומען פון יענעם הייליגען מויל, וואָס דאָס ווערטעל איז דאָ איבערגעגעבען אויף זיין נאָמען. גלייכ־

צייטיג האָב איך מיך באמיהט, צו געבען דאָס בעסטע, דאָס געגוי איבערגעקליבענע, מנופה בשלש עשרה נפות.

ואחרי כל אלה איז דאָס נישט מעהר ווי אָ מוסטער, ווי אָ סעמפעל פון דעם, וואָס דאַרף אויסגעקליבען ווערען, אָפּצוהיטען די אוצרות פון אלע יענע געדאנקען־פעריל, וואָס אונזערע גאונים וצדיקים האָבען גלאַט אַזוי ארויסגעגעבען.

מיט אָט דער קליינער זאַמלונג וויל איך בלויז געבען די אנרע־גונג צו'ן אָ פולשטענדיגען צונויף־נעהמען פון יענע אַלע אוצרות, וואָס דאַרפען אָפּגעהיט ווערען פאר די קומענדיגע דורות — און ווען עס וועט זיך אימיצער געפינען, וואָס וועט דאָס אלעס אויף א ריכ־טיגען אופן צונויף־קלויבען, וועט עס מיך זעהר פרעהען, ווען ער וועט זיך באַנוצען מיט דעם, וואָס איך האָב דאָ צונויף־געקליבען, ווען ער זאָל אפילו נישט דערמאָנען דאביי דעם נאָמען פון אייער אונטער־טהעניגען

מחבר.

# שיחות גאונים וצדיקים

אין א שמועס מיט זיינע חסידים אין חודש תשרי, האָט דער קאזשניצער מגיד געזאָגט, אז דערפאר זענען מיר אידען זיך נוהג צו עסען האָניג אין דעם חודש, ווייל די נוטריקון פון „דבש" איז אין פויליש — „דאי באָזשע שטשענשטשע" (גיב גאָט מזל).

---

דער קאָזשעניצער מגיד, רעדענדיג מיט זיינע חסידים וועגען מענשליכען לעבען, האָט מיט א שמייכעל באמערקט, אז ניט אומזיסט רופט מען דעם מענשליכען קערפּער אין העברייאיש „גוף",

ווייל די נוטריקון פון גוף — „גוף וויל פרעסען", „גוף וויל פיען", „גוף וויל פּאָפּען" און „גוף וועט פוילען"...

---

ר' משה ליב סאַסיווער האָט געזאָגט, אז זעקס זאכען האָט ער געלערנט פון א גנב בנוגע עבודת הבורא: א) ער זאָל ניט געהן נאָר ביי נאכט; ב) ער זאָל ניט געהן אליין; ג) בעת ער געהט זאָל ער זיין גרייט זיך מוסר נפש צו זיין; ד) ער זאָל געהן אפילו פאר א קאָפּיקע; ה) ווען ס'געלינגט איהם ניט היינט, זאָל ער פּרואווען מאָרגען; ו) דאָס וואָס ער האָט גע'גנב'עט נעכטען זאָל ביי איהם פאררעכענט ווערען פאר גאָר ניט. . . .

---

דער סטאָלינער, לערנענדיג זיין זוהן — דעם מחבר פון בית אהרן — דעם ענין פון עבודת הבורא, האָט איהם פארזאָגט, אז ער זאָל זיין זהיר וזהיר פון תשובה צו טאָהן, „ווייל ביטער און זויער איז אז מען דארף אָנקומען צו תשובה"...

---

דער אוהב־ישראל האָט א מאָהל אין א שמועס מיט זיינע מקורבים געזאָגט:

— ווען ס'איז אין מיינע מעגליכקייטען, וואָלט איך מבטל

געמאכט אלע תעניתים א חוץ יום כפור און תשעה־באב — ווייל תשעה באב, ווער קען דען עסען, און יום כפור דארף מען דען עסען? . . .

---

דער טאג, ווען עס פלעגט זיין יאריד אין בערדיטשעוו, פלעגט דער בערדיטשעווער קומען אויפן יאריד געקליידעט מעשה סוחר, דרעהען זיך צווישען די מעקלערס און באטייליגען זיך אין זייערע געשפרעכען. איינמאהל האט איהם א מעקלער געפרעגט:

— רבי, וואס פאר א שייכות האט איהר צו מעקלעריי, וואס איהר שענקט צו דעם אזוי פיעל אויפמערקזאמקייט?

דארויף האט איהם דער בערדיטשעווער געענטפערט, אז אין ענין מעקלעריי האט ער שוין א לאנג־יאהריגע פראקטיק. זיין ערשטע פראקטיק אלס מעקלער האט ער געהאט און טאקע געקראגען גוט באצאהלט, ווען ער האט פארהאנדעלט א מסחר צווישען גאט און די אידען.

זינט א צייט ווי גאט האט זיך געהאלטען מיט זיין סחורה — מחילה, סליחה, כפרה, און די אידען מיט זייער סחורה — חטאים, עונות, ופשעים. האב איך געפיהרט פארהאנדלונגען מיטביידען, אז גאט זאל אויסבייטען זיין סחורה — מחילה, סליחה, וכפרה — פאר די אידענס סחורה — חטאים, עונות, ופשעים. דער רעזולטאט איז געווען, אז איך האב אויסגעפיהרט און ערפאלגרייך דורכגעפיהרט דעם מסחר. האב איך אלס שכר טרחה, פאר מיין מעקלעריי, גע־קראגען פון גאט — בני, חיי ומזוני...

---

ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער האט א מאהל, געהענדיג אין גאס, באגעגענט א יונגענמאן לויפענדיג שנעל מיט א פארכאפטען אטעם. דער בערדיטשעווער האט איהם אפגעשטעלט און געפרעגט איהם:

— וואוהין לויפסטו, יונגערמאן?

— איך לויף זוכען פרנסה.

— פונוואנען ווייסטו — האט איהם דער בערדיטשעווער גע־פרעגט — אז דיין פרנסה לויפט פאר דיר און דו יאגסט איהר נאך, טאמער איז דיין פרנסה הינטער דיר און מיט דיין שנעלען לויפען אנטלויפסטו פון איהר?

דעם ראָפּשיצער איז א מאָהל אויסגעקומען, ערב יום כפּור, צו דאווענען מנחה אין אן אשכנזיש'ער שוהל. נאָך שמונה עשרה האָט זיך ניט ווייט פון ראָפּשיצער אוועקגעשטעלט א דייטש און אָנגעהויבען זאָגען די על חטא'ס.

בעת דער דייטש האָט געהאַלטען אין זאָגען די על חטא'ס, האָט דער ראָפּשיצער באטראַכט דעם שכן זיינעם, וועלכער זאגט די יום כפור'דיגע על חטא'ס מיט אזא גלייכגילטיגקייט ווי א איד דאָס בענטשען נאָך א געשמאַקען מיטאָג.

האָט דער דייטש דערפיהלט די דורכדרינגענדע בליקען פון ראָפּשיצער און האָט אן אויפגערעגטער פון כעס זיך געווענדעט צום רבין.

— וואָס קוקט איהר מיך אזוי אָן, איז דאָס צום ערשטען מאָהל אין אייער לעבען וואָס איהר באגעגענט אן אנשטענדיגען מענשען ?

—מיין הער ! — האָט דער ראָפּשיצער איהם געלאַסען געענט־פערט — נאָך אין מיינע יוגענד־יאָהרען האָט מיך מיין רבי גע־לערנט, אז ווען איך וויים ניט קיין פּשט אין עברי, זאָל איך אריינ־קוקען אין דייטש (טייטש); איצט, זאָגענדיג די על־חטא'ס, האָב איך זיך געפּלאָנטערט אין פּשט, איך האָב א סך על־חטא'ס ניט פארשטאַנען, נאָר קוקענדיג איצט אויף אייך, האָב איך ערשט פארשטאַנען די על־חטא'ס אויף קלאָהר. . . .

---

א גביר אין א שטעדטעל, וועלכער איז געווען דער גאַנצער בעל־דעה אין בית־המדרש, האָט זיך אמאָל פארגלוסט צו דאַווענען די ימים־נוראים פארן עמוד, אונטערן אויסרייד אייינצושפּאָרען קהל די עטליכע רובעל, וואָס עס באקומט דער שטענדיגער בעל־תפילה פארן ימים נוראים'דיגען דאווענען.

איז דער שטענדיגער בעל־תפילה, זייענדיג א איד אן אָרעמאַן, אוועק צום שטעטעלדיגען רב, געקלאָגט זיך פאר איהם אויף דער מאָדנער המצאה פון גביר, וועלכער איז לחלוטין ניט אויסען דאָס איינשפּאָרען קהל די עטליכע רובעל, נאָר האָט פּשוט חשק צו דאַווענען פארן עמוד. האָט דער רב געשיקט נאָך דעם גביר און צו איהם אזוי געזאָגט :

— אין סדר־התפילה איז פאראן דריי סארטען תפילות, און דער וואס האט בדעה צו דאווענען הויפטזעכליך אין די ימים נוראים, מוז אונבאדינגט פארקערפערען אין זיך איינע פון די תפילות. עס איז פאראן א תפלה — תפלה למשה, תפלה לדוד און תפלה לעני — מילא, די מדות פון משה'ן און דוד'ן וועט איהר זיך מודה זיין, אז איהר באזיצט ניט. בלייבט אייך נאר איבער די תפלה לעני — אז השם יתברך וועט אייך העלפען אויפ'ן קומענדען יאהר, אז איהר וועט זיין אן ארימאן וועט איהר ראוי זיין צו דאווונען פאר'ן עמוד די ימים נוראים.

---

ר' שניאור זלמן האט אמאל, זאגענדיג תורה פאר זיינע חסידים, דערקלערט זיי די באדייטונג פון קוגעל עסען אום שבת, אז דער זעלבער מלאך, וועלכער איז ממונה איבער שופר בלאזען ראש־השנה, איז אויך ממונה איבערן קוגעל פון שבת, און אז עסען קוגעל אום שבת האט די זעלבע כוונה, די זעלבע באדייטונג, ווי דאס שופר בלאזען אום ראש־השנה.

האבען די מתנגדים דערהערט די אויסטייטשונג פון רבין וועגען קוגעל עסען אים שבת, זענען זיי אוועק צו ר' שניאור זלמן מיט אזא שאלה:

— אויב — האבען זיי גע'טענה'ט — אז קוגעל עסען אום שבת האט די זעלבע באדייטונג, ווי דאס שופר בלאזען אום ראש־השנה, נאך וואס זאל מען בלאזען אום ראש־השנה שופר, זאל מען בעסער עסען קוגעל?

ר' שניאור זלמן, אויסהערענדיג די שאלה פון די מתנגדים, האט זיי גלייך, כלאחר־יד, גענענטפערט — ס'איז טאקע אזוי, לכן כשחל ראש־השנה בשבת אין תוקעין — אז ראש־השנה געפאלט אום שבת בלאזט מען טאקע ניט קיין שופר, ווייל דער שבת'דיגער קוגעל איז במקום שופר בלאזען.

---

א חסידישער איד האט א מאהל געפרעגט דעם רב פון שטעדטעל, וועלכער האט אין דער גאנצער סביבה גע'שמ'ט פאר א גרויסען מתנגד פון דרך חסידות.

— דערקלערט מיר, רבי, לויט אייער מתנגדישער שיטה, מיט וואָס זענען באשעפטיגט א גאַנץ יאָהר די מלאכים וואָס זענען ממונה אויף תקיעת־שופר אין ראש־השנה און ווערען דערמאָנט אין די יהי־רצונס בעת די תקיעות.

— לויט דער מתנגדישער שיטה — האָט איהם דער רב איראַ־ניש געענטפערט — זענען די דאָזיגע מלאכים א גאַנץ יאָהר ממונה אויף די אידישע טשאָלענטס, זיי זאָלען חלילה שבת ניט פאַר־ברענט ווערען אין אויווען...

---

א גרויסער סוחר, וועלכער האָט פיעל געהערט פון ווילנער גאונ'ס חריפות, האָט זיך א מאָהל פארגלוסט צו האָבען א גע־שפרעך מיטן ווילנער גאון. אינמיטען געשפרעך האָט דער סוחר א פרעגע געגעבען דעם גאון.

— זאָגט מיר, רבי, צו וועל איך לאחר מאה ועשרים שנה האָבען כאָטש א שטיקעל עולם הבא?

— און עולם הזה האָסטו יאָ? — האָט איהם דער ווילנער גאון געפרעגט — ווען דו זאָרגסט שוין פאַר עולם הבא.

— אך, מישטיינס געזאָגט, וואָסער עולם הזה איך האָב — האָט דער סוחר אָנגעהויבען קלאָגען זיך פארן גאון — יום ולילה בין איך פארהאָוועט און פאַראַרבייט, שלאָף ניט אויף מיין געלעגער, בין תמיד נע־ונד, האָב ניט קיין מנוחה, חוץ דאָס קאָפּ ברעכעניש, די דאגה און עגמת־נפש פון די עסקים, כ'בין שוין, לא עליכם, קראַנק פון די ביטערע ארבייט, אָט אזוי זעהט דאָס אוים מיין עולם הזה.

— אויב אזוי — האָט איהם דער גאון געענטפערט — פאַר־שטעה זשע אליין, פאַר עולם הזה, וועלכען דו ארבייטסט, האָרע־וועסט, ווערסט געפייניגט אלע דיינע לעבענס יאָהרען, זאָגסטו אליין, ביסטו אליין מודה, אז דו האָסט ניט קיין תענוגי עולם הזה; עולם־הבא, אויף וועלכען דו האָסט אפילו ניט בדעה צו ארבייטען, קלער־סטו נאָך צו האָבען?

---

צום רבין ר' אלימלך איז אמאָל געקומען א חסיד, געקלאָגט זיך פאַר איהם, אז ער האָט גאָר פלוצלונג געקראָגען א קורצען

זכרון, ער פאַרגעסט ממש גלייך וואָס מען זאָגט איהם, פאַרלאַנגט ער פון רבין א סגולה.

האָט דער רבי ר׳ אלימלך פאַרטראַכט זיך א ווײַלע, און דעם חסיד אָבגעענטפערט:

— יאָ, עס איז פאַראַן א סגולה — תשובה!

— רבי, וואָס פאַר א שייכות האָט א שוואַכער זכרון צו תשובה?

— וואָס פאַרשטעהסטו ניט — האָט דער רבי ר׳ אלימלך מיט א שמייכעל געענטפערט — תשובה איז דאָך אזוי גרויס, אז עס גרייכט תחת כסא הכבוד, שטעהט דאָך בפירוש — ואין שכחה לפני כסא כבודך. . . .

---

דער סטאָלינער, שמועסענדיג א מאָהל וועגען די חסידים פון זיין צייט, האָט וועגען זיי אין א חוזק טאָן באַמערקט: — ליימענע פויערים, שטרויענע קאָזאַקען; בעת זיי קומען צום רבין, ווייזען זיי אַרויס בלויז דאָס אויבערפלעכליכע, דאָס גוטע, און דאָס שלעכטע, דאָס געמיינע, באהאַלטען זיי אין זיך. . . .

---

דער סטאָלינער פלעגט יעדען שבת ביים טיש פיהרען זאָגען תורה פון דער סדרה פון דער וואָך. געוועהנליך פלעגען יעדען שבת זיין פאַרזאַמעלט אַרום טיש הונדערטער חסידים, צווישען זיי רבנים און רביים. די לעצטע פלעגען זיין געקליידעט אין ווייסע זשופּיצעס, מיט ווייסע קאָלפּאַקעס אויף זייערע קעפּ, ווי דער מנהג איז געווען אין יענער צייט.

איינמאָהל ווען די רבנים און רביים זיינען אָנגעשטרענגטע געזעסען אַרום טיש דערוואַרטענדיג צו הערען דעם סטאָלינער׳ס תורה וועגען דער סדרה פון דער וואָך, וועלכע איז דאַמאָלט געווען שמות, האָט דער סטאָלינער אויפגעהויבען זיין קאָפּ צו די פאַר־זאַמעלטע אַרום טיש, מיט א שמייכעל אויפן פּנים באַטראַכט די ווייס געקליידעטע רבנים און רביים אַרום זיין שבת׳דיגען טיש און האָט אָנגעהויבען זיין תורה מיט א ווענדונג צו די רבנים און רביים:

— תבן (בינה—פארשטאנד) אין ניתן לעבדיך — פארשטאנד האסטו ניט געגעבען דיינע קנעכט, ולבנים (לבן—וויים) אומרים להם עשו און ווייסע קליידער הייסטו זיי מאכען. . . .

---

א גלח, וועלכער פלעגט אפט פיהרען ויכוחים מיט ר׳ יהונתן אייבישיץ, וועגען רעליגיעזע ענינים, האט א מאהל געווענדעט זיך צום רבין ר׳ יהונתן:

— תמיד פארטיידיגסטו דאס אידישע פאלק און איך די קאטאליקען, לאמיר א מאהל פרואווען ענדערען אונזערע רעליגיעזע דיסקוסיעס, דו זאלסט פארטיידיגען די קאטאליקען און איך דאס אידישע פאלק.

— גוט, איך בין מסכים — האט ר׳ יהונתן אייבישיץ צוגע־שטימט און דער גלח האט גלייך אנגעהויבען זיין דיסקוסיע.

— מילא, מיר אידען — האט דער גלח גע׳טענה׳ט — פייערען מיט אזוי פיעל פראכט דעם יום טוב פסח, מחמת אונזערע אורעל־טערען זענען געווען שקלאפען ביי פרעה׳ן אין מצרים און גאט האט זיי אויסגעלייזט פון דער פינסטערער קנעכטשאפט — מעבדות לחירות, איהר קאטאליקען — האט ער זיך געווענדעט צו ר׳ יהונתן — איהר זייט דאך אין מצרים קיינמאל ניט געווען, געארבייט דארטען אודאי ניט, טא דערקלערט מיר, וואס פאר א יום־טוב איז דאס ביי אייך דער פסח וואס איהר פייערט מיט אזא פראכט און גלאנץ?

— ביי אונז קאטאליקען — האט ר׳ יהונתן אייבישיץ גלייך איהם אבגעענטפערט — איז דער יום־טוב פסח דער וויכטיגסטער און חשוב׳סטער. וואלט גאט ניט אויסגעלייזט די אידען פון מצרים און עס וואלט ניט געווען קיין אידיש פאלק, פון וואנען, זאגט מיר, וואלטען מיר געהאט א גאט? . . .

---

א סטאלינער חסיד, איינער פון די נאהענטסטע מקורבים, וואס האט געהאט א טראדיציע יעדען פסח צו פארברענגען ביים רבין, איז איינמאל פאר פסח קראנק געווארען. האט דער קראנקער חסיד געבעטען א צווייטען חסיד, היות, ווי ער פאהרט צום רבין, זאל ער איהם טאהן די טובה, בעטען דעם רבין פאר זיינעטוועגען, אזוי ווי ער וועט היינטיגעס יאהר ניט ביכולת זיין, צו פארברענגען פסח

ביים רבינ׳ס טיש, זאָל דער רבי איהם שיקען א ביסעל פון זיין קמח שמורה, ער זאָל לפחות נהנה זיין פון דערוויטענס פון רבינ׳ס מצה שמורה.

ווען דער חסיד איז געקומען צום רבין און איבערגעגעבען איהם די בקשה פונם באוואוסטען קראנקען חסיד, האָט דער סטאָלינער א ווײַלע באטראכט דעם חסיד און געענטפערט איהם:

— איך וואָלט זעהר גערן געשיקט מיין קמח שמורה צו איינעם פון מיינע מקורבים, ווי אזוי אָבער שיקט מען דאָס, אז די כלי וואָס איז מרוצה צו האַלטען דאָס, איז א חמצ׳דיגע?...

---

קיין בערדיטשעוו איז א מאָל געקומען א באריהמטער חזן דאַווענען. נאָכן דאַווענען איז ער אַוועק צום בערדיטשעווער נעהמען שלום. ארייננקומענדיג צום בערדיטשעווער, פרעגט ער איהם:

— וואָס טוט איהר אין בערדיטשעוו?

— איך בין א חזן.

— א חזן? פארוואָס זשע זייט איהר עפּעס אזוי הייזעריג?

— איך האָב זיך צוגעקיהלט, בעת איך האָב געדאַווענט פאַרן עמוד.

— וואָלט איהר אָבער געדאַווענט פאַרן רבונו של עולם, וואָלט איהר ניט הייזעריג געוואָרען — האָט דער בערדיטשעווער באַמערקט מיט א שמייכעל.

---

פּסח ביים סדר, בעת ר׳ דוד׳ל טאַלנער האָט אָנגעהויבען זאָגען די הגדה, האָט ער זיך געווענדעט צו די חסידים ארום טיש און ער האָט געזאָגט: א גרויסען כלל לערנט אונז דער בעל־הגדה, די נוטריקון פון „כרפּס״ מאכען „כלל ראשון פה סתום״ — דאָס ערשטע פאַרמאַך דיין מויל פון צופיעל רעדען, „יחץ־מגיד״, דאָס וואָס דו ווילסט זאָגען, זאָלסטו אויך זאָגען בלויז א העלפט...

---

פּרשת ויגש, האָט א חסיד געפרעגט דעם קאזיניצער — די תורה דערצעהלט אונז, ווען יעקב׳ס קינדער זענען צוריקגעקומען פון מצרים מיט דער גוטער בשורה צו זייער פאָטער, אז יוסף לעבט און רעגירט איבער מצרים, שטעהט „ויפג לבו כי לא האמין להם״ —

היתכן, איז דאָס שייך, אז יעקב אבינו זאָל ניט גלויבען זיינע קינדער, האַלטען זיי פאַר דוברי שקרים?

דארויף האָט איהם דער מגיד געענטפערט:

— ווען די קינדער האָבען דערצעהלט זייער טאַטען יעקב, אז יוסף לעבט און איז א צדיק, האָט ער געגלויבט, איז דאָך יוסף עפּעס יעקב׳ס זוהן. ווען זיי האָבען איהם אָבער געזאָגט, וכי הוא מושל בכל ארץ מצרים, האָט ער ניט געגלויבט, ווייל אפילו יעקב אבינו איז שווער געווען צו גלויבען אז א איד וועלכער איז א מושל אין א לאַנד מעג ער אפילו האָבען יעקב׳ן פאַר א טאַטע און ער זאָל ניט פאַרלייקענען זיין אידישקייט. . . .

---

פורים נאָך דער מגילה האָט ר׳ דוד׳ל טאַלנער אויפגעהויבען די הענט צו גאָט און האָט געזאָגט:

— רבונו של עולם! כי אם החרש תחרישו בעת הזאת — וועסט אלץ אזוי שטילשווייגען, זיין גלייכגילטיג, וועסט ניט אויס־לייזען די אידען פון ביטערען גלות, זאָלסטו וויסען, אז רוח והצלה יעמוד ליהודים ממקום אחר — וועלען מאַנכע ווערען אינזשינירען, דאָקטוירים, אדוואָקאַטען — ומי יודע אם לעת כזאת הגעת למלכות — אלע וועלען זיך אסימילירען, אויסשמדן זיך, וועסטו חלילה ניט האָבען וועמען אויסצולייזען, ווייסטו דאָך, אין מלך בלא עם. . . .

---

ר׳ אליעזר פון קאָזניץ, אן אייניקעל פון קאָזניצער מגיד, האָט ניט געוואָלט נעהמען קיין קוויטלאך פון זיינע חסידים. האָט פּאַ־סירט, אז איינמאָהל האָט ר׳ אליעזר זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט ר׳ חיים צאַנזער, האָט איהם דער צאַנזער פאַרגעוואָרפען אויף זיין מאָדנער התנהגות, וואָס איז אין גאַנצען פון אלע רביים.

— איהר — האָט ר׳ חיים צאַנזער גע׳טענה׳ט — א בן גדולים וקדושים, אן אייניקעל פון הייליגען קאָזניצער מגיד, א זוהן פון ר׳ משהלען, זאָל אנדערש זיך נוהג זיין, ווי זיינע עלטערען?

— איך האַלט פון דער גמרא — האָט איהם ר׳ אליעזר גלייכ־גילטיג געענטפערט — הקורא למפרע לא יצא — דער וואָס פאַר־רופט זיך אויפן זכות פון זיינע עלטערען איז נאָך ניט קיין גענינגענדע באשטעטיגונג אז ער איז ראוי צו נעהמען קוויטלאך. . . .

תשעה־באב, בעת קינות זאָגען אין קאָזשניצער מגיד'ס בית־המדרש, זענען אריינגעקומען א חברה יונגע קונדסים און האָבען אָנגעהויבען וואַרפען דעם עולם מתפללים אויסגעטאָנענע שיך מיט שישקעס, ווי דער מנהג איז איבעראל. האָט דאָס א טייל פון עולם אריינגעבראַכט אין כעס אויף דער חוצפה און הפקרות פון די יונגע ווייסע חברה'ניקעס און האָבען אָנגעהויבען זיי ארויסוואַרפען. האָט דער מגיד זיך אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ און האָט זיך אָנגעבייזערט אויף די וואָס האָבען די יונגוואַרג ארויסגעוואָרפען און געזאָגט צו זיי:

— אויב דעם רבונו של־עולם איז ניט ניחא אונזער התנהגות פון תשעה באב, האָט ער א ברירה, זאָל ער איהם אינגאַנצען צו־נעמען פון אונז. . . .

---

צום קאָזשניצער מגיד איז א מאָל געקומען זיינס א חסיד און געקלאָגט זיך פאַר איהם, אז ער האָט ניט קיין הצלחה אין מסחר, ער האָט זיין גאַנץ געלד פאַרלאָרען און פאַרמאָגט ניט מיט וואָס צו האַנדלען. דער מגיד, אויסהערענדיג דעם איד, האָט איהם געהייסען מאַכען נייע לאָדען צו די פענסטער.

איז דער איד נתפּעל געוואָרען פון מגיד'ס סגולה און געפרעגט איהם:

— הייליגער רבי, וואָס פאַר א שייכות האָבען לאָדען פון פענסטער צו פרנסה?

— דו קלאָגסט זיך, אז דו האָסט ניט קיין געלט מיט וואָס צו האַנדלען, מאַך נייע לאָדען צו די פענסטער וועסטו האָבען געלד, ס'ווערט בפירוש געברענגט — אין כסף לאדון (לאָדען) זה, אבל יש כסף לאדון אחר. . . .

---

ווען צופיעל חסידים פלעגען קומען צום קאָזשניצער מגיד מיט בקשות, ער זאָל בעטען פאַר זיי און פלעגען דערפאַר איהם שטערען זיין לערנען דעם טעגליכען שעור, פלעגט ער טענה'ן צו זיי:

— איך בין אייך מזהיר, אז ווען איהר וועט כסדר אזוי אָנהאַל־טען צו קומען צו מיר און מיך מבטל מאַכען פון מיין טעגליכען

לערנען, וועט איהר ניט האָבען צו וועמען צו פאָהרען — וועל איך קיין רבי ניט זיין. . . .

---

אין א שמועס מיט זיינע מקורבים, האָט דער קאָזשניצער מגיד זיך אויסגעדריקט, אז דאָס ענין רעבישקייט, צו זיין א גוטער איד, איז א תאוה גלייך ווי אַלע אַנדערע מענשליכע תאוות, צו גרייכען, אָבער צו דער מדרגה פון דער דאָזיגער תאוה מוז מען פריער גובר זיין אַלע אנדערע תאוות...

---

אין א געוויסען טאָג, בעת דער קאָזשניצער מגיד האָט געגעסען זיין מיטאָג, האָט איהם דער שמש דערלאנגט עסען אין א פראכט־פאָלען קונסט טעלער. האָט דער מגיד באמערקט, אז די חסידים וואָס שטעהען ארום טיש קוקען מיט גרויס נייגעריגקייט אויף דעם שעהנעם קינסטליכען טעלער און זענען איהם מקנא, האָט דער מגיד זיך געווענדעט צו זיי מיט א שמייכעל:

— אויב איהר האָט אין דער מחשבה, אז עס איז גוט צו זיין א רבי, מאַכט איהר א גרויסען טעות. איך וויים פון ערפאהרונג, אז ווער עס איז א רבי, האָט גרויסע צרות און עגמת־נפש, און איך ווינש אַלע רשעים זאָלען זיין צדיקים...

---

צווישען די חסידים פון קאָזשניצער מגיד האָט זיך געפונען א איד, אן עושר, וועלכער איז געווען א גרויסער קמצן. איינמאָל ווען דער גביר איז געקומען צום מגיד, פרעגט איהם דער מגיד:

— וואָס עסטו יעדען טאָג?

— מיין עסען יעדען טאָג באשטעהט פון אָרימסטען און מאָגערסטען, איך עס בלויז ברויט מיט זאַלץ.

האָט דער מגיד זיך אָנגעבייזערט אויפן גביר און פארזאָגט איהם, אז מהיום והלאה זאָל ער געדענקען יעדען טאָג עסען פלייש און פארטרינקען מיט א גוט גלעזעל משקה און זאָל בכלל זיך אויפפיהרען לויט דעם מצב פון א גביר.

ווען דער גביר האָט פארלאָזען דעם מגיד׳ס חדר, האָבען די מקורבים געפרעגט איהם: — דערקלערט אונז, רבי, וואָס איז דער שכל וואָס איהר האָט געהייסען דעם גביר עסען גוטע מאכלים?

— וואָס פאַרשטעהסט איהר ניט — האָט דער מגיד גענענט־פערט — אויב דער גביר וועט עסען יעדען טאָג פלייש און פאַר־טרינקען מיט וויין, וועט ער על כל פנים וויסען, אז אן אָרימאַן דאַרף עסען ברויט מיט זאַלץ, ווען ער אָבער עסט ברויט מיט זאַלץ, דענקט ער אז אָרימעלייט דאַרפען עסען שטיינער. . . .

---

צום קאָזשניצער מגיד איז א מאָל געקומען צו לויפען א איד מיט א בקשה, ער זאָל איהם העלפען געפינען דאָס בייטעלע געלד וואָס ער האָט פאַרלוירען פון קעשענע.

— מיט וואָס קען איך דיר העלפען ? — האָט איהם דער מגיד געפרעגט.

— זאָל מיר דער רבי געבען א סגולה, אפשר וועל איך אזוי ארום געפינען מיין פאַרלאָרען געלד.

— האָט איהם דער מגיד געהייסען א היים געהן און ער זאָל זאָגען דריי מאָל „איזהו".

איז דער איד נתפעל געוואָרען פון מגיד'ס סגולה און מיט גרוים כונה אנגעהויבען זאָגען „איזהו מקומן של זבחים".

אז ס'זענען פאַראיבער עטליכע טעג און דער איד האָט פון זיין אבדה גאָר ניט געהערט, איז ער געקומען צו לויפען צום מגיד און דערצעהלט איהם אז ער האָט שוין דריי מאָל געזאָגט „איזהו" און ער האָט נאָך ניט זיין אבדה.

— וועלכען איזהו האָסטו געזאָגט ? — האָט איהם דער מגיד געפרעגט.

— איזהו מקומן של זבחים פון סידור — האָט דער איד געענטפערט.

— ניט דעם „איזהו" האָט איך געמיינט — האָט איהם דער מגיד געענטפערט — איך מיין דעם מאמר חז"ל, איזהו שוטה זה המאבד מה שנותנין לו . . .

---

שבת פרשת תולדות, ווען די חסידים זענען געזעסען ארום דעם קאָזשניצער מגיד'ס טיש, ערוואַרטענדיג צו הערען פון מגיד ווענגען די ברכות, וואָס יצחק האָט געבענשט יעקב'ן, האָט דער מגיד מיט א שמייכעל אויפן פנים געזאָגט צו די ארומיגע חסידים.

זעהט איהר די היינטיגע סדרה באשטעטיגט דאָס פּוילישע ווער־טעל „גרזשע זשאָנא זשאָנדזשי, טאָם מאנזש בלאָנדזשי" (וואו די פרוי רעגירט, ווערט דער מאן פארפיהרט). צוליעב רבקה'ס איינפאַל אוועקצונעמען די ברכות פון עשון פאר יעקבן, האָט יצחק געבענשט יעקב'ן — ויתן לך האלקים מטל השמים ומשמני הארץ און עשו'ן האָט ער געבענשט, והיה כאשר תריד ופרקת עלו מעל צוארך — ועט עשו האָבען אלע ברכות, וואָלט אָבער יצחק טאַקע געבענשט עשון מיט'ן ויתן לך און יעקב'ן מיט'ן והיה כאשר תריד, וואָלט יעקב געהאט אלע ברכות, ווייל עשו וואָלט אפילו קיין איין רגע ניט געהיט די תורה.

---

א מאָל אינמיטען דאַווענען האָט דער קאָזשניצער מגיד אויפ־געהויבען ביידע הענט צום הימעל און האָט הויך אויסגעשריען — רבונו של עולם! לייז אויס די אידען פון די גוים, אויב ניט לייז אויס די גוים פון די אידען.

---

א חסיד א קינדערלאָזער, וועלכער פלעגט אָפט קומען צום קאָזשניצער מגיד ער זאָל מתפלל זיין פאר איהם, זיין פרוי זאָל איהם געבוירען א בן זכר און דער מגיד האָט איהם עטליכע מאָל אָבגע'פּטר'ט מיט אלערליי תירוצים, האָט זיך איינמאָל געפאסט מוט און געקלאָגט זיך פארן מגיד.

— היילינער מגיד, פארוואָס קומט מיר אזא עונש, אזוי פיעל מאָהל ווי איך קום צום מגיד מיט א בקשה ער זאָל מתפלל זיין, מיין פרוי זאָל מיר געבוירען א בן זכר, פּטר'ט מיך דער מגיד אלע מאָל אָפּ מיט א תירוץ, בעת א מתנגד ביי אונז אין שטעדטעל, וועלכער איז געווען אן עקר קרוב פון פופציג יאָהר און איז קיינמאָהל ניט געפאָהרען צום מגיד, האָט זיין פרוי לעצטענס געבוירען איהם א בן זכר.

— ווייסטו פאר וואָס — האָט איהם דער מגיד מיט א שמייכעל געענטפערט — ווייל אלע וועלכע ווילען געהאָלפען ווערען מיט א קינד, קומען צו מיר, אָדער צום רבין פון לובלין, האָט השי"ת געוויזען, אז אויך ער קען מזכה זיין אן עקר מיט א קינד, וועלכער פאָהרט ניט צו מיר און ניט צום רבין פון לובלין...

דער ריזשינער האָט א מאָל זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט ר׳ מאָטעלע טשערנאָבילער ביי איין סעודת־מצוה. זיי האָבען צוזאַמען פארבראַכט אין אַן אינטימען שמועס. בעת מ׳האָט צום טיש דער־לאַנגט פלוימען צימעס, רופט זיך אָן דער ריזשינער צום טשערנאָ־בילער בקול־רם, דערלאַנגענדיג איהם א קערל פון א פלוים:

— פעטער ר׳ מאָטעלע, אָט האָט איהר א קער צו גאָט!

דער טשערנאָבילער, ניט לאַנג טראַכטענדיג, האָט גענומען א פלוים, דערלאַנגט דעם ריזשינער און געזאָגט צו איהם:

— ר׳ ישראל, אָט האָט איהר א פלאַם צו גאָט!

---

מ׳האָט א מאָל א באוואוסטען רבין געפרעגט, וואָס איז די אורזאַך וואָס אפיקורסים וועלכע זענען עובר אויף כל עבירות שבעולם, ווען ס׳קומט אָבער צו דער מצוה פון צדקה געבען, באַקומען זיי גאָר א ווייך הארץ און גיבען תמיד שעהנערע נדבות ווי די חסידים און אנשי מעשה.

— ס׳איז א בפירוש׳ער פסוק אין דער תורה — האָט דער רבי געענטפערט — זה יתנו כל העובר על הפקודים. . . .

---

א באוואוסטער רבי, וועלכער האָט געהאַט א שלעכטע פרוי, וואָס האָט איהם אָפט מבזה געווען אין דער אנוועזענהייט פון זיינע חסידים, האָבען די מקורבים א מאָל געפרעגט איהם, פארוואָס ער איז אזוי גלייכגילטיג צו איהרע באליידיגונגען און פארשווייגט איהר, האָט דארויף דער רבי געענטפערט:

— דער ענין איז אזוי, וואָלט איך געווען נע־ונד און צו די צרות וואָלט זי מיך מבזה געווען און געזידעלט בפני כל עם ועדה, וואָלט דאָס מיך פארדראָסען, היות אָבער איך זיץ מיר רוהיג אויף מיין שטול, וואָס קימערט דאָס מיך אז זי שרייט און רעדט?

---

ביים זעלבען רבין האָט א מאָל געטראָפען, אז זיין פרוי איז קראַנק געוואָרען. האָבען די מקורבים באמערקט, אז ווען דער רבי געהט אריין צו דער קראַנקער, קומט ער פון דאָרטען ארויס א לוסטיגער און פרעהליכער. האָבען זיי געפרעגט דעם רבין, פאר־וואָס ער איז פרעהליך נאָך א באזוך ביי דער קראַנקער.

— איך פרעה זיך — האָט דער רבי געענטפערט — וואָס גאָט האָט מיר צוגעשיקט מקיים צו זיין די מצוה פון ביקור־חולים ביי מיר אין הויז. . . .

---

א באוואוסטער רבי, וועלכער האָט געהאט זעהר א פרומע פרוי וואָס פלעגט מדקדק זיין אויף יעדער זאַך צו האָבען א געלעגענהייט צו מאַכען א ברכה, האָט אין א הייסען זומערדיגען טאָג, ווען דער הימעל האָט זיך פארוואָלקענט, עס האָט אָנגעהויבען דונערען און בליצען, זיך געווענדעט צו זיינע חסידים מיט א שמייכעל:

— נו, איהר קענט מיר אָפּגעבען מזל־טוב!

— וואָס האָט פּאסירט? — האָבען די חסידים איבערראַשט געפרעגט, וויסענדיג אז דער רבי האָט לעצטענס ניט פארברייטערט קיין שום שמחה.

— די רביצין מאַכט „שבע ברכות” — האָט דער רבי אין א גלייכגילטיגען טאָן געענטפערט.

— שבע ברכות? — האָבען די חסידים אלע מיט איינמאָהל נאָך מעהר איבערראַשט געפרעגט. — וואָס עפּעס פּלוצלונג שבע ברכות?

— נו, וואָסזשע מיינט איהר, אז נאָך אזוי פיעל דונערען און בליצען האָט די רביצין ניט געמאַכט קיין שבע ברכות? . . .

---

אן אָרימאַן איז א מאָל געקומען צום רבין ר' בער, געקלאָגט זיך פאר איהם, אז ער האָט חתונה צו מאַכען א בוגרת, פארלאַנגט ער, אז דער רבי זאָל איהם באהילפיג זיין. האָט דער רבי אויסגע־הערט דעם אָרימאַנ'ס בקשה און איהם געענטפערט.

— דהיינו, וואָס קען איך דיר געבען? — וויסטו גאָר וואָס, איך וועל דיר געבען דאָס קדחת.

איז דער אָרימאַן נבהל־ונשתומם געוואָרען פון רבינ'ס תשובה, האָט א דערשלאָגענער און פארוויינטער פון רבינ'ס קללה פארלאָזט דעם רבינ'ס חדר.

מיט עטליכע שטונדען שפּעטער, האָט דער רבי, ר' בער, גע־הייסען אריינרופען דעם אָרימאַן און אָנגעוויזען אויף איהם צו

א איד, וואָס איז געשטאַנען אַ פּאַרוויינטער, אַ צובראָכענער, מרה שחורה'דיגער ביים רבינ'ס טיש און געזאָגט צו איהם:

— גיב אָט דעם אָרימאַן צוויי הונדערט רובעל חתונה צו מאַכען זיין בוגרת, וועט דיין בת־יחידה געהיילט ווערען פון איהר קדחת־קראַנקהייט. . . .

---

א באַוואוסטער רבי האָט געהאַט א זוהן, וועלכער האָט גע'שמ'ט אין אומגעגענד פאַר אַן עלוי, פון דער נאַטור איז ער אָבער געווען א חלוש אויף אַלע איברים. האָט דער רבי געזוכט א שידוך פאַר זיין זוהן און האָט באַקאַנט געמאַכט, אז ווען ס'וועט ווער סילוקן פינף טויזענט גאָלדענע רובעל נדן, וועט יחוס ניט זיין קיין מניעה, וועט ער זיך מיט איהם משדך זיין.

איז געקומען א רייכער דאָרפס־איד, אָפּגעצאָהלט דעם רבין די פינף טויזענט גאָלדענע רובעל אלס נדן צו האָבען דעם רבינס זוהן אלס חתן פאַר זיין טאָכטער, וועלכע איז געווען א פיזיש געזונטע, קערפּערליך פעסט געבויטע — דאָס אמת'ע דאָרפס־קינד.

ווען דאָס פּאָר־פאָלק האָט חתונה געהאַט, איז געבוירען גע־וואָרען א זוהן, וועלכער איז געווען פונקט אזוי קרענקליך אויף אַלע איברים ווי זיין פּאָטער.

איינמאָהל ווען דער רבי איז געקומען צו גאַסט צו זיין זוהן, האָט זיך צורעדט מיט זיין אייניקעל, האָט ער זיך לויט די ענטפערס פון קינד איבערצייגט, אז דאָס קינד האָט אויף זיך א דאָרפס־אינגעלישען קאָפּ. גראָד אינמיטען שמועס איז אריינגעקומען דער דאָרפס איד, דער מחותן, האָט דער רבי איראָניש באמערקט צו איהם:

— הערסטו, מחותן, געמיינט האָב איך אז דאָס געבוירענע קינד פון דעם פּאָר־פאָלק וועט האָבען זיין מאַמע'ס כוח און זיין פּאָטער'ס מוח, לסוף זעה איך, אז ער האָט דער מאַמע'ס מוח און דעם פּאָטער'ס כוח. . . .

---

צום ריזשינער איז א מאָל געקומען א פרוי מיט א בקשה. האָט איהר דער ריזשינער אָפּגעשיקט צו ר' מאירל פּרימישלאַנער

און איהר מבטיח געווען, אז ווען זי וועט קומען צום פרימישלאנער וועט ער וועט טרינקען טיי, וועט זי געוויס געהאלפען ווערען.

איז די פרוי ווירקליך געקומען צום פרימישלאנער בעת ער האט געטרונקען טיי, האט זי אינאיינעם מיט איהר בקשה אויך דער־צעהלט איהם וואס דער ריזשינער האט איהר געזאגט.

האט דער פרימישלאנער געשמייכעלט און דערקלערט איהר די באדייטונג פונ'ם ווארט „טהיי", אז עס מיינט: תהא השעה הזאת שעת רחמים. . . .

---

אן אפיקורס האט אמאל געפרעגט ר' עקיבא איגר: — מיר אידען זאגען אלע טאג אין דאווענען ואהבת את ד' אלהיך — דו זאלסט ליעב האבען גאט, דיין גאט. פארלאנגט דען גאט אזא ליעבע, אז מיר זאלען זיין געצוואונגען איהם ליעב צו האבען?

האט איהם דארויף ר' עקיבא איגר געענטפערט: — דערפאר זאגען מיר טאקע פריהער, הבוחר בעמו ישראל באהבה, אויב גאט האט אונז אויסדערוועהלט אלס זיין געליעבט פאלק, זיינען מיר געצוואונגען איהם ליעב צו האבען.

---

דער רבי ר' אלימלך פון ליזענסק האט אמאל צוזאמענגעטראפען זיך מיטן רבין ר' זישא. האט דער רבי ר' אלימלך געפרעגט דעם רבין ר' זישא:

— אדם הראשון איז דאך כידוע געווען די פארקערפערונג פון אלע נשמות, וואס וועלען געבוירען ווערען אויף דער וועלט, הייסט דאס, אז בעת אדם הראשון האט געגעסען פון עץ־הדעת איז דאס געווען מיט אייער הסכמה. היתכן, פאר וואס האט איהר ר' זישא, געלאזט איהם עסען פון עץ־הדעת?

האט דער רבי ר' זישא געענטפערט: וואלט איך געווען גע־שטערט אדם הראשון צו עסען פון עץ־הדעת וואלט ער תמיד געווען אין ספק, אז ווען ער וואלט געגעסען, וואלט ער געווארען א גאט . . .

---

ר' שמעלקע ניקעלשבורגער איז ביי זיך געווען א גרויסער עניו. ווען מען האט איהם אויפגענומען אלס רב אין ניקעלשבורג, האבען

איהם די חשובסטע בעלי בתים צוגעטיילט גרוים כבוד. האָט דאָס ר׳ שמעלקע פאַרשאַפט גרויס עגמת־נפש. ווען ער איז געקומען צו זיך א היים אין דער באַגלייטונג פון עטליכע אנשים חשובים, האָט ער גלייך ביים עפענען די טיר אויסגעשריען הויך אויפן קול, פונקט ווי דער שטאָדטישער שמש: ברוך הבא, ר׳ שמעלקע! ברוך הבא בשם ד׳!

שפּעטער האָט ער ווייטער צו זיך אַליין געזאָגט: נו, רבי, זעצט זיך אויבען אָן; אפשר, רבי, ווילט איהר זיך וואשען, אָדער אפשר, רבי, ווילט איהר א ביסעל גוטע משקה? ער האָט זיך טאַקע געוואַשען און אויסגעטרונקען א גוט גלעזעל משקה.

די בעלי בתים, וועלכע האָבען דאָס צוגעזעהן, זענען נבהל ונשתומם געוואָרען, זענען צוגעפאַלען צו איהם מיט גרויס שרעק און געפרעגט איהם:

—רבי, וואָס איז מיט אייך, ערקלערט אונז די באַדייטונג פון אזא משונה׳דיגער התנהגות!

— שרעקט אייך ניט, קינדער — האָט ר׳ שמעלקע געלאַסען געענטפערט, זעהענדיג ווי דערשראָקען זיי זענען — ס׳איז מיר חלילה לגמרי גאָר ניט, כ׳בין בלויז מקיים די רייד פון אונזערע חכמים. עס שטעהט, יהי כבוד חברך חביב עלך כשלך — דאָס מיינט, ווען מענשען וועלען דיר צוטיילען כבוד, זאָל דער כבוד האָבען ביי דיר אַזאַ ווערט גלייך ווי דו אַליין טיילסט דיר צו דעם כבוד. וויל איך אייך בלויז צייגען וואָס פאַר א ווערט דער גאַנצער כבוד האָט ביי מיר...

---

אין א שטאָדט וואו מ׳האָט אויסגעבויט א נייע שוהל איז איבערגעבליבען א גרויסער סכום ציגעל וואָס מ׳האָט מעהר ניט באַדאַרפט. האָבען די בעלי־בתים פון שטאָדט ניט געוואוסט וואָס צו טאָהן מיט די איבערגעבליבענע ציגעל וואָס זענען מוקצה גע־וואָרען, ווייל מ׳האָט זיי געהאַלטען גרייט אויף א דבר שבקדושה. האָבען זיי באַשלאָסען צו פאָהרען מיט דער שאלה צו ר׳ ישראל סאַלאַנטער.

ר׳ ישראל סאלאנטער, אויסהערענדיג די אידענס שאלה, האָט זיי געענטפערט — ווען איהר וואָלט מיך געפאָלגט, וואָלט איהר מיט די ציגעל פארמויערט די טיר פון דער עזרת נשים. . .

---

צו דעם ניסכיזער איז אמאָל געקומען א איד און געקלאָגט זיך פאר איהם אויף זיין שלעכטען מזל, ער ארבייט מיט שוויים פאר זיין שטיקעל ברויט און האָט בצמצום חיונה פאר זיין פרוי און קינדער.

— וואָס פארלאנגט איהר, פרנסה זאָל אייך אָנקומען גרינג? ס׳איז דאָך א בפירוש׳ער פסוק אין דער תורה, בזעת אפיך תאכל לחם?

— אמת — האָט דער איד געענטפערט — איך וויים דאָס. וואָלט איך אבער על כל פנים נאָך מיין פארהאַוועטען שוויסיגען ארבייטס טאָג, לכל הפחות געהאַט ברויט בריוח — האָט דער איד געהאַלטען אין קלאָגען.

— די וועלט זאָגט אָבער — האָט דער ניסכיזער געענטפערט — אז נאָך א שוויסיגען ארבייטס טאָג איז אומגעזונט צופיעל צו עסען. . . .

---

אין דער שטאָדט וואו דער תפארת ישראל האָט געוואוינט איז א מאָל געשטאָרבען א גרויסער אפיקורס, וועלכער איז געוועזן פאר־האַסט צווישען די חסידים. האָבען די חברה קדישא געהאַט בדעה מקבר צו זיין איהם ביים פּארקאַן, דאָך זיינען זיי מסופק געוועזן צי לאחר מיתה מעג מען דעם מת מביש זיין. זיינען זיי דעריבער אוועק צום תפארת ישראל מיט א שאלה, וואו מ׳זאָל דעם אפיקורס מקבר זיין, ביים פּארקאַן אָדער אין די רייהען פון אַנדערע קברים.

דער תפארת־ישראל, אויסהערענדיג זייער שאלה, האָט זיי כלאחר־יד געענטפערט:

— וואָס איז די נפקא מינה, באגראָבט איהם וואו איהר ווילט, אבי באגראָבט איהם.

---

דער גאון ר׳ אברהם משה פון ראקאָוו, מינסקער גובערניע, איז אויף די עלטערע יאָהרען געוואָרען א גרויסער מפורסם. איז א מאָל

אין בית־המדרש צוגעגאנגען צו איהם א פראסטער איד און בפני כל עם ועדה געזאגט צו איהם:

— געדענקט איהר, רבי, ווען מיר זענען געווען קליינע קינדער, האבען מירביידע זיך געשפילט אין פערדלאך?

— אודאי — האט דער גאון געענטפערט — געדענק איך, א מאל בין איך געווען א פערד און א מאל ביסטו געווען א פערד, אבער ווער איז לסוף געבליבען א פערד?...

---

צום פשיסכער איז אמאל געקומען א חסיד און דערצעהלט איהם, זייט איינינע טעג ווי זיין פארשטארבענער פאטער קומט איהם צו חלום און זאגט איהם, אז ער איז ראוי צו זיין א מנהיג ביי אידען און איז איהם שטרענג מזהיר, תיכף ומיד אנצוהויבען זיין התנהגות. איז ער געקומען צום פשיסכער פרעגען אן עצה, וואס אנצוהויבען צו טאהן.

— לויט דיין פנים, איז קענטיג, אז דו ביסט טאקע מוכן־ומזומן צו פיהרען די וועלט — האט איהם דער פשיסכער מיט א שמייכעל געענטפערט — ווען דיין פארשטארבענער פאטער וועט אבער נאכאמאל קומען צו חלום, זאג איהם, אז וואס שייך דיר, ביסטו שוין גרייט אנצוהויבען דיין התנהגות, נאר זאל ער קומען צו חלום דער וועלט, אז די וועלט זאל דיך אנערקענען פאר א מנהיג און אנהויבען פאהרען צו דיר.

---

צום ווילנער גאון זענען א מאל געקומען מחותנים און געקלאגט זיך פאר איהם. היות, ווי זיי ווילען א שידוך טאהן מיט א בחור פון ווילנע, וועלכער שמ׳ט פאר א למדן, זענען זיי גרייטע געקומען צו שרייבען תנאים, האבען זיי זיך דערוואוסט, אז דער חתן האט א ברודער וועלכער האט א שלעכטען שם אין ווילנע פאר אן אויסגע־לאסענעם — זיי ווילען דעם שידוך, נאר דעם חתנ׳ס ברודער איז א שטערונג צום שידוך. פארלאנגען זיי דערפאר פון ווילנער גאון אן עצה, האט דער ווילנער גאון אויסגעהערט די פארצווייפעלטע שאלה פון די אידען און האט זיי תיכף־ומיד געענטפערט:

— האט איהר דען ניט געלערנט די סדרה פון דער וואך (די סדרה איז געווען תצוה), ס׳איז דאך א בפירוש׳ער פסוק אין

דער הייגטיגער סדרה — „לשם שבו ואחלמה". „לשם שבו" — דער גוטער שם פון בחור, דעם חתן, איז אייך באוואוסט; ואח — און דער ברודער — למה? וואס איז אייך די נפקא מינה וואס פאר א ברודער ער האט? . . .

---

אין א שמועס מיט זיינע חסידים, האט ר' משה'לע סאמבארער פארטייטשט זיי דעם „כי אתה שומע תפלת כל פה" פון שמונה עשרה מיט אזא וויציגער דערקלערונג:

— דער שטייגער פון דער וועלט איז, אז ווען א מענש רעדט מיאוסע רייד אין א געזעלשאפט, ווערען די צוהערער אויפגעבראכט אויף איהם און שרייען אוים צו דער פערזאן — פע! מיאוס! זאגען מיר צו גאט: דו ביסט אזוי רחמנות'דיג, כי אתה שומע, דו הערסט די תפילות וואס קומען פון מענשען וואס אפילו אין דער געזעלשאפט ווען זיי רעדען, שרייט מען צו זיי — פע!

---

דער קאצקער האט א מאל אין א געשפרעך מיט זיינע חסידים דערקלערט זיי דעם חילוק פון א חסיד ביז א מתנגד — דער חסיד ווייסט אליין ביי זיך, אז ער איז א גאר ניט, דער מתנגד איז ממילא א גאר ניט. . . .

---

אלס יונגערמאן איז דער זידיטשוויוער, איידער ער איז אנער־קענט געווארען אלס רבי, געפאהרען צו ר' מאירל פרימישלאנער. איינמאל ווען דער זידיטשוויווער האט פאר'ן א היים פאהרען זיך געזעגענט מיטן פרימישלאנער, פרעגט איהם ר' מאירל:

— א פלא, דו בעטסט ביי מיר קיינמאל ניט אויף קיין פרנסה, האסטו כאטש פון וואס צו ציהען דיין חיונה?

— לעת עתה, האב איך ניט קיין פרנסה, כ'בין אבער א בקי אין די ארבעה שלחן ערוכ'ם און האב אויסזיכטען צו קריגען א שטעלע אין א קליין שטעדטעל אלס רב.

— אלס רב? — האט דער פרימישלאנער פארוואונדערט גע־פרעגט — האבען דאך אונזערע חכמים געזאגט — אהוב את המלאכה ושנא את הרבנות.

— און איך טייטש — האָט איהם דער זידיטשויווער מיט א שמייכעל געענטפערט — אהוב את המלאכה — צו זיין א רב אין א קליין שטעדטעל, מדריך צו זיין די קהלה בדרך הישר — ושנא את הרבנות — צו זיין „א גוטער איד". . . .

---

דער בעל־המאור, ווען ער איז נאָך געווען א קינד, האָט ער גע'שמ'ט פאר א גרויסן למדן און חריף, ער פלעגט דאמאָלט שוין יעדען אָוועגט לערנען א שעור מיט עלטערע מענשען. איינמאָהל, ארויסגעהענדיג פון בית־המדרש, האָט ער דערזעהן א ציג ארונטער־שפּרינגען פון דער ווייבערשער שוהל. האָט ער לאַנג ניט גע־טראַכט, געלאָזט זיך לויפען נאָך דער ציג, אָנגעכאַפּט איהר ביי די הערנער, און אוועקגעזעצט זיך רייטען אויף איהר. האָט דאָס זיינע תלמידים, עלטערע מענשען, פאַרדראָסען און האָבען גע־פרעגט איהם:

— היתכן, וואָס טוסטו, דו פארשעהממסט דאָך אונז?

— האָט זיי דארויף דער בעל־המאור געענטפערט: ס'איז די טבע פון יעדען מענש, בעת ער איז יונג, צו פּראַווען ווילדע שטוקעס. ווערט דאָס אין איהם אונטערדריקט בשעת ער איז יונג, פּראַוועט ער זיינע ווילדע שטוקעס אויף דער עלטער. וויל איך בעסער פּראַווען מיינע שקצ'ישע שטוקעס, ווען איך בין נאָך יונג, איידער צו פּראַווען זיי ווען איך וועל זיין עלטער.

---

א רב אין א שטעדטעל איז איינמאָל ארומגעגאַנגען נאָך א נדבה פאר א נויטווענדיגער לאָקאַלער זאַך. איז ער אריינגעגאַנגען צום שטאָדטישען גביר, וועלכער האָט גע'שמ'ט פאר א גרויסען קמצן, און געבעטען איהם עפּעס בייצושטייערען פאר דעם נויט־באדערפטיגען צוועק.

— רבי, נאָך וואָס האָט איהר זיך מטריח געווען בחנם — האָט איהם דער גביר געפרעגט — ווייסט איהר דאָך אז איך בין נח'ס א זוהן (זיין פאָטער, אן עושר, א גרויסער קמצן, האָט געהייסען נח).

— אמת טאַקע, איך וויים, אז דו ביזט נח'ס א זוהן — האָט איהם דער רב געלאַסען געענטפערט — ס'איז אָבער מיר געווען

א ספק וועלכער זוהן דו ביזט נח'ס. איצט ווייס איך, אז דו ביסט נח'ס צווייטער זוהן — חם. . .

---

א איד, אן עושר, איז א מאָל געקומען צום טשערנאָבילער און געקלאָגט זיך פאר איהם: היות, שוין יאָהרען, ווי ער האלט אן אימעניע ביים דערבייאיגען פריץ פון דאָרף, איז לעצטענס געקומען א גוי און וויל באצאָלען דעם פריץ א בעסערען מקח און עס שטעהט איהם צו פארלירען די אימעניע.

—וואָס־זשע פארלאנגסטו פון מיר? — האָט איהם דער טשער־נאָבילער געפרעגט.

— איך פארלאנג, דער רבי זאָל מיר געבען אן עצה וואָס צו טאָהן.

— האָט וועלכער איד א מאָל עפּעס נהנה געווען פון דיין אימעניע?

— א שאלה דאָס? — האָט דער גביר מיט התפעלות אָבגע־ענטפערט — צעהנדליקע אידישע אָרימעלייט שפּייזען זיך ארום מיין אימעניע.

— נו, אויב אזוי, פאָהר זיי מוחל צום סטריקאָווער, דערצעהל איהם דיין בקשה, ועסטו געהאָלפען ווערען — האָט דער טשערנאָ־בילער איראָניש מיט פאראכטונג איהם אָבגעענטפערט.

— וואָס עפּעס צום סטריקאָווער? — האָט דער איד, פיהלענ־דיג זיך געטראָפען פון רבינ'ס דוכגעדרונגענעם בליק, געפרעגט — נו, און דער רבי קען מיר גאָר קיין עצה ניט געבען?

— פארשטעהסטו — האָט איהם דער טשערנאָבילער אין זעל־בען נוסח געלאסען געענטפערט — איך ווייס דאָך, אז דאָס וואָס דו דערצעהלסט מיר, אז אָרימעלייט שפּייזען זיך פון דיין אימעניע, איז דאָך שקר וכזב; פאָהר זשע צום סטריקאָווער, ער ווייסט דאָס ניט, איהם וועט דיר גיכער געלינגען אָפּצונארען.

---

ר' דוד'ל טאַלנער האָט א מאָל געזאָגט, אז אויף צוויי זאכען האָט א רבי פארדראָס און די וועלט האָט הנאה.

דאָס ערשטע: אז א חסיד קומט צום רבין נאָך א ברכה, זיין פרוי זאָל איהם געבוירען א בן זכר, פארלאנגט דער רבי 52

גילדען, כמנין „בן". וואָלט אבער „בת" געווען דער טייטש א זוהן, וואָלט דער רבי דאָך געהאט 402 גילדען. דאָס צווייטע: אז מען קומט צום רבין, ער זאָל מתפלל זיין פאר א חולה — זאָגט מען איהם צו אכטצעהן גולדען, כמנין „חי". וואָלט אָבער „מת" געווען דער טייטש לעבען, וואָלט דער רבי געהאט פיער הונדערט און פערציג גולדען.

---

ווען דאָס מגידות איז געוואָרען פּאָפּולער ביי אידען און די מגידים פלעגען דאָס רוב אין זייערע דרשות מוסרן דעם עולם, אויס־רעכענען זייערע חטאים, סטראשען זיי מיטן גיהנם, האָט ר' לוי יצחק בערדיטשעווער שטרענג פאַרזאָגט די גבאים פון זיין בית־המדרש, ניט אריינצולאָזען קיין שום מגידים. איז איינמאָל גע־קומען א מגיד צום בערדיטשעווער און זיך געבעטען — היות, ווי ער האָט א בתולה חתונה צו מאַכען, ער אליין איז א איד א קבצן, זאָגט ער דרשות און האָפט אזוי ארום צוזאמענצוקלייבען עטליכע הונדערט רובעל פאר א נדן, בעט ער דארום דעם בערדיטשעווער, ער זאָל מיט איהם מאַכען אן אויסנאַהם, זאָל איהם דערלויבען צו דרש'ענען אין זיין בית־המדרש.

— וועסטו מיר מבטיח זיין, אז אין דיין דרשה, וועסטו ניט מוסרן דעם עולם און איהם ניט שרעקען מיטן גיהנם? — האָט איהם דער בערדיטשעווער געפרעגט.

— אויב דער בערדיטשעווער פארלאַנגט דאָס, וועל איך דאָס בודאי מקיים זיין!

— אויב אזוי, אָט האָסטו א כתב, צו די גבאים פון מיין בית־המדרש צו דרשענען, נאָר זיי זהיר וזהיר, מיטן באדינגונג וואָס איך האָב דיר געשטעלט — האָט איהם דער בערדיטשעווער מתרה געווען.

אז ס'איז באַקאַנט געוואָרען אין שטאָדט, אז דער בערדי־טשעווער האָט דערלויבט א מגיד זאָגען ביי איהם אין בית־המדרש, איז דער עולם געוואָרען נייגעריג צו הערען דעם מגיד, ווייל אלעמען איז באוואוסט געווען אז דער בערדיטשעווער דערלויבט ניט קיין מגידים צו זאָגען אין זיין בית־המדרש. און ווען ער האָט מיט דעם מגיד געמאַכט אן אויסנאַהם, איז מסתמא דער מגיד אן אויסער־

געוועהנליכער דרשן, האָט זיך דערפאַר צו דער דרשה פאַרזאַמעלט א גרויסער נייגעריגער עולם.

ווען דער מגיד האָט אָנגעהויבען זאָגען זיין דרשה, האָט ער זיך געהיט מיט א וואָרט מוסר. אינמיטען דרשה, בעת ער האָט זיך צורעדט וועגען עולם הזה'דיגען לעבען, האָט ער אָנגעהויבען דערלאַנגען דעם עולם די אמת'ע פּאַרציע מוסר. דער בערדיטשעווער שטעהענדיג הינטער דער טיר פון בית־המדרש און האָט זיך צוגע־הערט צום מוסר פון מגיד, איז שנעל אריין אין בית־המדרש, צוגע־לאָפען צום ארון־הקודש און אריינגעשריען:

— רבונו של עולם! גלויב ניט דעם מגיד קיין וואָרט, וואָס ער רעדט אויף דיינע קינדער, די אידען. דיינע קינדער די אידען זיינען דאָס שעהנסטע, נאָבעלסטע פאָלק וואָס דו האָסט אויסדער־וועהלט, העלף דעם מגיד חתונה מאַכען זיין בתולה, זיין בוגרת, וועט ער דאָס ניט רעדען אויף דיינע אידישע קינדער. . . .

---

א באַוואוסטער רב, וואָס פלעגט זיצען יומם־ולילה על התורה ועל העבודה, איז געווען בקי אין ש"ס און פוסקים, האָט דערפאַר געהאַלטען זיך גאוה'דיג לגבי זיינע חברים, רבנים. האָט איהם איינמאָל אָנגענומען א חשק צו פאָהרען צום רבין ר' אלימלך פאַר א שבת, צו זעהן דעם רבינס התנהגות און דרכי חסידות.

ווען דער רב איז פּריוואַט געקומען צום רבין נעהמען שלום, האָט איהם דער רבי בייז איגנאָרירט און געזאָגט צו איהם:

— איך וויל גאָט ניט זעהן.

האָט דאָס דעם רב שטאַרק פאַרדראָסען, ובפרט האָט ער זיך געשעהמט פאַר די ביישטעהענדיגע וועלכע האָבען געוואוסט זיין חשיבות און גאונות. פאַר חרפּה האָט ער דעם רבין גאָרניט געקאָנט ענטפערען.

פאַרן אוועקפאָהרען איז דער רב געגאַנגען זיך געזעגענען מיטן רבין. האָט איהם דער רבי ר' אלימלך ווידער אמאָל איגנאָרירט און בייז געזאָגט דאָס זעלביגע בשעת שלום געבען.

— איך וויל גאָט ניט זעהן.

— רבי פון וואנען ווייסט איהר דאָס אזוי, אז גאָט וויל מיך

נעט זעהן ? — האָט דער רבי צאָרענדיג און אויפגערעגטער געפרעגט דעם רבי אלימלך.

— פון וואנען איך וויים ? — האָט איהם דער רבי ר׳ אלימלך אָבגעענטפערט — עס איז א בפירושער פסוק: אם יסתר איש במסתרים, אויב א מענש פארבאָרגט זיך, זיצט יום ולילה לערנט תורה און דיענט השם יתברך, נו, מהיכא תיתי, איז גאנץ גוט, אשרי חלקו, וואויל איז צו איהם. אויב אָבער דער מענש זאָגט: ואני! איך בין א למדן איך בין א גאון! אך בין א גאָטס פאָרכ־טינער! האלט זיך גאוהדיג, שטאָלץ, איך בין! לא אראנו נאום ד׳ — דעם זאָגט גאָט וויל ער ניט זעהן.

---

דער ראדזינער רבי, ר׳ גרשון העניך, פלעגט אָפט האָבען א נעוואוינהייט ארומצושפאצירען איבערן שטוב און זיך צוזינגען מיט א טרויעריגען טאָן, באָם - באָם - באָם. אן אפיקורס, וואָס האָט אָפט געפיהרט רעליגיעזע דיסקוסיעס מיטן ראדזינער, האָט איינמאָהל בעת נאָך א שטאַרקער דיסקוסיע געהערט דעם רבין זינגען באָם - באָם - באָם, האָט ער געלאַכט פון רבין.

— וואָס לאכסטו ? — האָט איהם דער ראדזינער געפרעגט.

— איך לאַך פון רבין — האָט דער אפיקורס מיט א חוזק טאָן געענטפערט — ווייל וואָס פאר א באדייטונג האָט א ניגון, וועלכער באשטעהט בלויז פון די ווערטער באָם, באָם, באָם ?

— וואָס פאר א באדייטונג ? עס איז דאָך א בפירושער פסוק אין דער תורה, ודברת בם!

מיט א צייט שפּעטער האָט דער אפיקורס נאָך א דיסקוסיע מיטן ראדזינער, הערענדיג איהם אזוי אָפט די תנועות באָם, באָם, צונעקלאפּט מיט די פינגער אויפ׳ן טיש און זיך צוגעזונגען טרויעריג פארטיעפט — באָם, באָם, באָם.

— הא ? וואָס זינגסטו עפּעס באָם, באָם, וואָס פאר א באדיי־טונג האָבען די ווערטער פאר דיר ? — האָט איהם דער ראדזינער געפרעגט.

— עס איז דאָך א בפירושער פסוק אין דער תורה, ודברת בם, האָט דאָך לעצטענס דער רבי דערקלערט.

— עס איז טאַקע באמת א בפירושער פסוק אין דער תורה — האָט איהם דער ראַדזינער שאַרף אָבגעענטפערט — ס'שטעהט אָבער צדיקים ילכו בם, ופושעים יכשלו בם — ס'איז אָפּהענגיג אין דער כונה. . . .

---

א מתנגד און א גרויסער בעל מדקדק האָט זיך אמאָל פאַר־גלוסט צו מאַכען שפּאַס מיט'ן ראַדזינער רבין, ר' גרשון העניך, וועלכער האָט גע'שמ'ט בכל תפוצות ישראל פאַר א גרויסען חכם. גלייך ווי דער מתנגד איז אריינגעקומען צו ר' גרשון העניך, האָט דער רבי פאַרשטאַנען זיין כונה, האָט ער איהם צוגערופען און גע־פרעגט איהם:

— איך האָב געהערט פון אייך, אז איהר זייט א גרויסער בעל מדקדק, זאָגט מיר כ'בעט אייך, ווי קומט צו זאָגען: על פּי דקדוק „שאול תחתיה" אדער „שאול תחתית?"

שאול תחתיה — האָט דער בעל מדקדק שנעל געענטפערט.

— ס'איז אין דער ערד! — האָט ר' גרשון העניך מיט גע־מאַכטען ערנסט געענטפערט.

— כ'האָב געמאַכט א טעות, שאול תחתית! — האָט דער בעל מדקדק א צושראָקענער פון רבינס פּלוצלונגען פרעגען פּרובירט פאַרבעסערען.

— ס'איז אויך אין דער ערד! — האָט ר' גרשון העניך מיט א שמייכעל איהם אָבגעענטפערט. . . .

---

מ'האָט אמאָל געפרעגט ר' גרשון העניך: די מענשען פון סדום האָבען געפרעגט לוט'ן — „האחד בא לגור וישפוט שפוט", וואָס איז דאָס פאַר א שאלה, אין סדום איז דאָך אלץ געווען פאַר־קערט, דאַרף דאָך טאַקע אזוי זיין אז דער תושב זאָל קיין דעה ניט האָבען, נאָר דער פרעמדער זאָל זיין דער גאַנצער בעל־דעה?

האָט ר' גרשון העניך פאַרטראַכט זיך א ווייל'ע און געענט־פערט: — דער פרעגער איז דאָך אליין געווען א סדום'ער, האָט ער ווירקליך געפרעגט פאַרקערט.

א ניט ערליכער משמש ביי א רבין האָט זיך אמאָל פארגלוסט, צו גנב'ען א געשמאק פלעשעל וויין פון רבינ'ס חדר. האָט דאָס גראָד דער רבי גלייך באמערקט און געפרעגט אים:

— וואָס האָסטו אין פלעשעל?

— וואסער! — האָט דער משמש א נערוועזער געענטפערט.

— אויב אזוי, האָסטו פארשפּאָרט אן אומזיסטען גאנג, ווייל איך דארף טאקע האָבען א ביסעל וואסער צום טרינקען — האָט דער רבי מיט א שמייכעל באמערקט און צוגענומען ביים משמש דאָס פלעשעל.

— זעהסטו — האָט דער רבי אויסגערופען צום משמש, נאָך דעם ווי ער האָט פארזוכט א ביסעל פון פלעשעל — ווי ריכטיג שלמה המלך האָט געזאָגט, „מים גנובים ימתקו" (גע'גנב'ט וואסער איז זיס. . . .)

---

א לעבעוויטשער חסיד, וועלכער האָט געהאַט א שותף צו זיין מסחר א מתנגד, פלעגט איהם אָפט בעטען ער זאָל מיט איהם מיט־פאָהרען צום רבין פאר א שבת. דער מתנגד איז געווען איינגע'עקשנ'ט און האָט תמיד איגנאָרירט דעם חסיד'ס בקשות.

מאַכט זיך אמאָל, אז ביידע שותפים איז אויסגעקומען צוליעב מסחר זיין אין לעבעוויטש, האָט זיך דעם מתנגד פארגלוסט אריינצוגעהן צום רבין און זעהן זיין התנהגות. דער חסיד, טרעפענדיג זיין שותף, דעם מתנגד, ביים רבין, איז געוואָרען מלא־שמחה. דער מתנגד איז אבער צום חסיד'ס איבערראַשונג נאָך מעהר ווי ער, נתפעל געוואָרען פון רבין. ווען זיי זענען ביידע ארויסגעגאַנגען פרעגט דער חסיד ביים מתנגד.

— זאָג מיר נאָר, וואָס האָסטו אזוינס געזעהן פון רבין וואָס האָט דיך באלד אזוי איבערראַשט?

— איך האָב געזעהן דעם רבין דאַווענען, האָב איך געהאַט די פאָרשטעלונג פון כהן־גדול בעת ער האָט געטאָהן זיין עבודה אין בית־המקדש.

מיט א צייט שפּעטער איז דער חסיד געקומען צום לעבעוויטשער און געקלאָגט זיך פאר איהם: היתכן, אזוי פיעל יאָהרען ווי איך פאָהר צום רבין און האָב נאָך ביז איצט ניט געזעהן פון רבין

דאָס וואָס מיין שותף, דער מתנגד האָט געהאַט די זכיה צו זעהן תיכף ביים ערשטען מאָל?

האָט איהם דאַרויף דער לעכעוויטשער מיט א שמייכעל גע־ענטפערט: — ער א מתנגד דאַרף זעהן, דו א חסיד דאַרפסט גלויבען.

---

די פרוי פון א באוואוסטען רבין האָט א מאָל צוקריגט זיך מיט דער דיענסט וועלכע איז געווען אן עלענדע יתומה. דערפאַר וויל זי האָט אין הויז בעת דער אַרבייט צובראָכען עטליכע כלים, האָט די רביצן גערופען די דיענסט מיידעל צו א דין־תורה צום שטאָדטישען רב. צו איהר איבערראַשונג האָט זי דערזעהן, אַז אויך איהר מאַן, דער רבי, מאַכט הכנות צוזאַמען מיט איהר צו געהן צו דער דין־תורה.

— צו וואָס זאָלסטו מיטגעהן? — האָט די רביצין אָן אויפ־געגעגט פון איבערראַשונג געפרעגט דעם רבין — עס איז ניט שעהן פאַר דיר, צוליעב א מחלוקת מיט דער דיענסט־מיידעל, זאָלסטו געהן צו דער דין־תורה.

— עס איז דורכאויס נויטווענדיג, אַז איך זאָל אנוועזענד זיין ביי דער דין־תורה, עס זענען פאַראַן טענות וואָס נאָר איך בין פארפליכטעט זיי צו פאַרטיידיגען.

— קאָנסט זיך סומך זיין אויף מיר — האָט די רביצין מיט פארדראָס און אויפרעגונג געענטפערט — אז אַז איך וועל שוין ויסען וואָס צו טענה׳ן.

— מאַכסט א טעות — האָט איהר דער רבי מיט א שמייכעל אָבגעענטפערט — אַז איך געה העלפען פאַרטיידיגען דיינע טענות, מוזט וויסען אַז דאָס דיענסט־מיידעל איז נעבאַך אַן אָרימע יתומה און וועט ניט וויסען וואָס צו טענהן, אָדער עס זאָל ווער פאַר איהר טענהן; דערפאַר, פאַרשטעהסטו, מוז איך געהן טענהן פאַר איהר.

---

נאָך דער פטירה פון ר׳ הירשעלע זידיטשויווער זיינען פאַר־בליבען צוויי ברידער, ר׳ משה׳לע סאַמבורער און ר׳ ישכר בעריש, וועלכע האָבען גע׳ירשנ׳ט דאָס זידיטשויווער חסידות. האָבען דאָס רוב זידוטשובער חסידים אָנגעהויבען פאָהרען צו ר׳ ישכר בערישן.

אין א קורצער צייט שפעטער איז אויך ר׳ ישכר בעריש נפטר גע־וואָרען און ר׳ משה׳לע איז אנערקענט געוואָרען אלס דער איינ־ציגער נאָכפאָלגער פון דער זידיטשויווער דינאסטיע, האָבען אלע חסידים אָנגעהויבען פאָהרען צו ר׳ משה׳לען. מאנכע חסידים, וועלענדיג זיך פארענטפערען פאר וואָס זיי זענען גלייך אין דער התחלה נאָכן זידוטשובער׳ס פטירה ניט געפאָהרען צום סאמבורער, האָבען געזוכט כל׳ערליי תרוצים זיך צו פארענטפערען פאר ר׳ משה׳לען. האָט ר׳ משהלע שוין ניט קענענדיג סובל זיין די תרוצים, אָבגעענטפערט די חסידים.

— וואָס טויגען אייך די תרוצים, ניט גענוג וואָס ס׳איז מיר ניט קשה, וואָס איהר זייט איצט יאָ געקומען צו מיר, זאָל מיר נאָך קשה זיין פאר וואָס איהר זייט ביז איצט ניט געקומען צו מיר? . . .

---

דער רבי ר׳ אלימלך פון ליזענסק, ארויספאָהרענדיג אמאָל פון שטאָדט, האָבען איהם זיינע צאָהלרייכע אָנהענגער באגלייט א שטיק־וועגס אונטערן שטאָדט. ארויסקומענדיג מחוץ־לעיר, איז דער רבי ר׳ אלימלך ארונטערגעשפרונגען פון דער פוהר און צוזאמען גע־גאנגען מיט זיינע באגלייטער. ווען די חסידים האָבען איהם גע־פרעגט פארוואָס ער פאָהרט ניט אויפ׳ן וואָגען, האָט ער מיט א שמייכעל זיי אָפגעענטפערט:

— אויב די מצוה פון באגלייטען איז באמת אזוי גרויס, וויל איך אויך האָבען א חלק אין דער מצוה.

---

א באוואוסטער חסידישער רב, וועלכער האָט אויך גע׳שמ׳ט אלס גאון, איז אין ענין שאלות פסק׳ענען געווען א גרויסער מקיל. האָט די שטאָדט בעלי בתים דאָס מקילות פון רב שטארק פאר־דראָסען, ובפרט האָבען די מתנגדים אין שטאָדט שטארק געקאָכט זיך געגען דעם רב, ביז די שטאָדט האָט נאָך א לאנגער אסיפה באשלאָסען צו ברענגען א צווייטען רב, וועלכער זאָל זיין א יוצא ונכנס ביים גאון אין הויז און זאָל איבערגעבען די שטאָדט בעלי בתים ווי ווייט־גרייכענד עס איז דאָס מקילות פון גאון.

מאכט זיך אז דער שטאָדטישער שוחט איז געקומען צום גאון מיט א שאלת־הריאה. דער נאַר־וואָס אָנקומענדער רב איז פונקט אַנוועזענד געווען. האָט דער גאון באַטראַכט די ריאה, אויס־געפרעגט דעם קצב וויפיל די בהמה קאָסט איהם, צי איז דאָס זיין אייגען געלד און אויב די בהמה וועט טריפה ווערען, צי וועט ער ביכולת זיין, צו קויפען אַן אַנדערע. דער קצב האָט זיך גע־קלאָגט, אז דאָס געלד פאַר דער בהמה האָט ער זיך געבאָרגט, אז ער איז אַן עני ואביון, און אויך קיין צווייטע בהמה וועט ער ניט קענען קויפען. האָט דער גאון א ווײַלע פאַרטראַכט זיך און כשר געמאַכט די בהמה.

דער נאַר־וואָס אָנגעקומענער רב, זייענדיג זיכער אז די בהמה איז טריפה, איז א פאַרציטערטער אויפגעשפּרונגען פון דעם פסק און געפרעגט איהם — היתכן, הנשמע כזאת, ווי איז מען דאָס אַזוי מקיל אין דיני טריפות?

האָט דער גאון א רגע באַטראַכט דעם נאַר־וואָס אָנגעקומענעם רב און געלאָסען איהם געענטפערט:

— באמת, איז דאָך קשה, נאָך וואָס דאַרף מען בכלל ברענגען א שאלת הריאה צום רב פון שטאָדט. די תורה האָט דאָך גע־זאָגט „בשר בשדה טרפה לכלב תשליכון אותו”, זאָל מען די שאלת הריאה ברענגען פאַרן הונט, וועט דער הונט עסען דאָס פלייש, איז א סימן אז די בהמה איז טריפה, וועט ער ניט עסען דאָס פלייש, איז א סימן אז די בהמה איז כשר, נאָר — האָט דער גאון אָנגע־וויזען מיטן פינגער אויפן רב, וועלכער איז אַלץ געשטאַנען אַן אויפגערעגטער — די תורה האָט פריער געוואוסט, אז דער הונט איז א מחמיר אין יעדער שאלת־הריאה, וואָס מען וועט איהם ברענגען וועט ער פסק'ענען אָהן רחמנות און וועט זי טריפה מאַכען...

---

א גרויסער גאון האָט א מאָל געפרעגט דעם חוזה פון לובלין (ר' יעקב יצחק): — ערקלעהרט מיר די סיבה, פאַר וואָס פאָהרען צו אייך אַזוי פיעל אידען, וואָלט דען ניט פראַקטישער געווען, ווען די אידען פאָהרען צו מיר? וואָס שייך פּלפּולים און חדושי־תורה, קאָן איך אַלס גאון זאָגען בעסערע און שענערע פאַר אייך!

— איהר זייט כמעט גערעכט — האָט איהם דער חוזה

תמימות'דיג געענטפערט — עס איז טאַקע מיר אַליין אויך קשה. לויט ווי איך ווייס, ווער איך בין און וואָס איך בין, איז מיר באמת אַליין אויך אַ גרויסער פּלא, פאַר וואָס טאַקע קומען צו מיר אַזוי פיהל אידען און ניט צו אייך. עס קאָן אָבער אָפּט געמאָלט זיין, אַז די אידען קומען צו מיר מחמת איך ווייס ווער איך בין, און קומען ניט צו אייך, ווייל איהר ווייסט ניט ווער איהר זייט...

---

דער דובנער מגיד, וועלכער איז איבעראַל ב:.וואוסט געווען מיט זיינע טאַלאַנטפולע דרשות, האָט אַ מאָל רעדענדיג אין אַ שטאָדט באַמערקט, ווי דער עולם פאַרלאָזט פלוצלונג די שוהל אינ־מיטען זיין דרשה און ער בלייבט ביסלעכווייז מיט די ליידיגע פיער ווענט.

איז ער אויך, דער דובנער מגיד, אַוועק אין דער ריכטונג וואוהין דער עולם איז געלאָפען און אַזוי שפּאַצירענדיג האָט ער זיך דערוואוסט, אַז דער רבי פון לובלין איז אָקאָרשט נאָר וואָס אָנגעקומען אין שטאָדט און אַז דער עולם לויפט דאָס אַזוי שנעל מקבל־פּנים זיין דעם רבין פון לובלין, האָט ער זיך מיישב געווען און איז אויך אריינגעגאַנגען געבען שלום דעם רבין.

ווען דער דובנער מגיד איז אריינגעקומען צום רבין אין צימער, האָט ער באַמערקט אויפן טיש צוזאַמענגעלייגטע פּאַפּיר געלד באַ־זונדער, גאָלדען געלד באַזונדער, זילבער געלד באַזונדער, וואָס חסידים האָבען געבראַכט צום רבין אלס פּדיונות. איז דער דובנער נתפּעל געוואָרען פון די גרויסע פּדיונות, וואָס חסידים ברענגען דעם רבין און ער האָט דעם רבין אַ פרעג געגעבען:

— ערקלערט מיר, לובלינער רבי, איך בעט אייך, זייט אייניגע טעג, ווי איך געפין זיך אין שטאָדט און האָב שוין געהאַלטען עטליכע דרשות און האָב נאָך מיין שכר־טרחה ניט געקראָגען און דאָ, איהר זייט נאָר וואָס אָנגעקומען, טראָגט מען אייך שוין דאָס געלד אַנטקעגען?

— איך וועל אייך ערקלערען — האָט איהם דער רבי פון לובלין כלאחר־יד אָבגעענטפערט — עס זענען פאַראַן מענשען, ביי וועמען זייערע באַציהונגען צו געוויסע געגענשטאַנדען האָבען אַ ווירקונג אויף אַנדערע מענשען, זיי זאָלען אויך האָבען פּונקט די

זעלבע באציהונג צום זעלבען געגענשטאנד — באמת, האָב איך א גלייכגילטיגע באציהונג צום מין געלד און האָב דאָס בכלל ניט ליעב, ווירקט דאָס אויף מיינע אנהייגגער, אויף מיינע חסידים, זיי זאָלען אויך האָבען די זעלבע באציהונג צום געלד, דערפאר איז דאָס געלד ביי זיי ווערטלאָז, ניט חשוב, ברענגען זיי דאָס צו מיר. דאגעגען איהר, דובנער מגיד, האָט באמת טיעף אין הארצען ליעב דאָס מין געלד, ווירקט דאָס אויף אייערע אנהייגגער, זיי זאָלען אויך ליעב האָבען דאָס געלד, דערפאר האַלטען זיי דאָס ביי זיך און ווילען עס אייך ניט אוועקגעבען. . . .

---

דער לובלינער רב, ר׳ עזריאל הורוויץ, וועלכער האָט גע׳שמ׳ט אויף דער וועלט אונטערן נאָמען „דער אייזערנער קאָפּ״, פלעגט אָפט פייניגען דעם חוזה פון לובלין מיט פארשידענע שאלות, וואָס האָבען געהאט א שייכות צום דרך חסידות. זיין הויפט טענה איז געווען, אז ווען איהר ווייסט ביי זיך, לובלינער רבי, אז איהר זענט ניט קיין רבי, טאָ פאר וואָס זייט איהר מדריך אייערע נאָכפאָלגערס זאָלען גיהן אין אייערע דרכים?

— נו, וואָס זאָל איך טאָהן — האָט דער חוזה תמימות׳דיג זיך פארטיידיגט — אז מענשען האָבען זיך אָנגעהאנגען אין מיר און טרעטען ניט אָפּ?

— ערקלערט זיי דעם קומענדען שבת זייער טעות אין אייך אלס מנהיג, אז איהר זייט ניט קיין רבי — האָט איהם דער לובלינער רב גע׳עצה׳ט.

האָט איהם דער חוזה מבטיח געווען אזוי צו טאָהן. בעת עס איז געקומען שבת, האָט דער חוזה אָנגעהויבען ביים טיש זיך אזוי מכניע זיין פאר זיינע חסידים ווי א פחות שבפחותים. האָבען אָבער די חסידים פון רבינ׳ס גרוים עניוות באקומען מעהר דבקות צום רבין און זייער אהבה איז נאָך געוואָרען א פיעל גרעסערע.

---

א צווייט מאָהל, בעת דער חוזה מיטן לובלינער רב האָבען זיך ווידער באגעגענט, האָט דער חוזה פארטרויט זיך פארן גאון ר׳ עזריאל הורוויץ, אז ער האָט געפּרואווט אויספאָלגען זיין עצה, די ווירקונג איז אָבער געווען פונקט א פארקערטע.

— דאָס איז דערפאַר, מחמת דאָס חסידות איז צו ליעבען דעם עניו און זיך מתרחק זיין פון גאווה. פּרואווט, זייט מוחל, דעם צווייטען דרך — האָט איהם דער גאון גע'עצה'ט — דער־צעהלט אייערע חסידים, אז איהר זייט א צדיק יסוד־עולם, אן איש אלקים, וועלען זיי בודאי זיך אלע מתרחק זיין פון אייך.

— דאָס פאַרלאַנגט איהר שוין צופיעל, ווייל כאָטש איך בין ניט קיין רבי, קיין שקרן בין איך אָבער אודאי ניט — האָט איהם דער חוזה מיט א שמייכעל אָפּגעענטפערט.

---

האַלט איהר זיך באמת, פאַר ערליכער און חשוב'ער ביים רבונו של עולם ווי כל־ישראל, וואָס איהר נעהמט פּדיונים מתפלל צו זיין פאַר נויטבאַדערפטיגע און קראַנקע? איז דאָס ניט אן עזות אָדער מין גאוה פון אייך? פרעגט מען זיך דען ניט אין הימעל, פאַר וואָס איז דער באַטרעפענדער נויטבאַדערפטיגער אָדער חלוש אליין ניט מתפלל פאַר זיך? — האָט דער גאון ר' עזריאל הורוויץ א מאָל געפרעגט דעם חוזה פון לובלין.

— דערפאַר הייס איך זיך געבען א פּדיון, שטיל צו מאַכען דעם מקטרג, אַז די כונה פון מיין מתפלל זיין פאַרן קראַנקען און נויטבאַדערפטיגען, איז מחמת ער האָט מיך געדוננגען, ווי א פּשוט'ען עבד, און באַצאָהלט מיר דערפאַר.

---

כידוע, איז דעם חוזה'ס עניוות געווען אומגעהייער גרויס, ער פלעגט אָפט בעתן זיצען ביים טיש ארומגערינגעלט פון הונדערטער חסידים זיך שטאַרק דערנידעריגען. איינמאָל, זיצענדיג שבת ביים טיש, האָט ער עטליכע מאָל איבערגע'חזר'ט, אז ער איז קיין רבי ניט, קיין צדיק אודאי ניט, און דאָרטען אויפן עולם־האמת וועלען זיינע חסידים זיך ערשט איבערצייגען אין אמת.

— רבי, רבי, האָט איינער פון די חסידים ארום טיש זיך אָפּגערופען, דאָרטען אויפ'ן עולם האמת וועט דער רבי מוזען מודה זיין דעם אמת, אז דער רבי איז א צדיק און איש אלקים!

— שווער צו זאָגען — האָט דער רבי דעם חסיד אָפּגעענט־פערט — אויב מיין משפּט וועט פאָרקומען פאַרן רבונו של עולם, האָף איך אז ער וועט זיך אויף מיר מרחם זיין, ווייל ער איז דאָך

אן אל רחום וחנון, טאָמער וועט מיין משפט פאָרקומען פאַרן בית־דין של מעלה, האָב איך זייער מורא, ווייל דאָרטען ווייסט מען ניט פון קיין ותרנות. . . .

---

צו אַ באַרימטען רב, וועלכער האָט גע׳שמ׳ט אין דער אומגעגענד פאַר אַ חכם, איז איינמאָהל אריינגעקומען אַ יונגערמאַן, פראַנטיש געקליידעט און זיך געווענדעט צום רב, היות, ער איז אַן אפיקורס, גלויבט ניט אין אידישקייט, דאָך איז איהם שווער אַ געוויסער אידי־שער ענין ווייל ער בעטען דעם רב ער זאָל דאָס איהם אויפ־קלערען.

— מיט פאַרגעניגען, זייט מוחל יונגערמאַן, זעצט זיך — האָט איהם דער רב העכסט גאָסטפריינדליך אויפגענומען — קאָנט איהר מיר פריהער זאָגען, צו האָט איהר געלערנט ש״ס ופוסקים ?

— ניין רבי, דאָס איז בטלנישער לימוד.

— האָט איהר געלערנט תנ״ך, זענט איהר אַ בקי אין דער אַלטער העברייאישער ליטעראַטור, איידער איהר האָט אָנגענומען אייער אפיקורסישע שטעלונג ?

— ניין, רבי, — האָט דער יונגערמאַן טראָציג געענטפערט — איך גלויב ניט און לייען ניט אין די אַלטע פאַרשימעלטע ספרים, עס איז איצט אַ צייט פון מאָדערניזם, דאָס רוב לייען איך די נייעסטע וויסענשאַפטליכע ביכער.

— נו, אויב אַזוי — האָט איהם דער רב מיט ביטול געענטפערט — האָב איך לגמרי ניט וואָס צו רעדען מיט אייך, מחמת איהר זייט ניט קיין אפיקורס, נאָר אַ פשוטער גוי . . .

---

אַ רב איז אַמאָהל געפאָהרען אויפ׳ן באַהן, אַנטקעגען איהם איז געזעסען אַ יונגערמאַן, קורץ געקליידעט, מעשה דייטש, האָט אָבגע־לאַכט און גע׳חוזק׳ט פון רב, האָט איהם שטאַרק מצער געווען און אויסגערעדט כל הרעות אויף די תורה און די אידישע חכמים. צום סוף האָט ער זיך חוצפה׳דיג געווענדעט צום רב.

— רבי, איך וויל אייך עפּעס פרעגען : אייערע חכמים אין די גמרא זאָגען : איזהו עשיר, כל מי שיש לו בית־הכסא סמוך לשלחנו. ערקלערט מיר, כ׳בעט אייך, וואָס פאַר אַן עשירות איז

דאָס? קען מען פון אַזאַ עשירות אָנקלייבען נדן פאַר אַ טאָכטער, אָדער געבען אַן איידעם קעסט?

— אודאי, — האָט דער רב שאַרף איראָניש איהם געענטפערט — אַזאַ איידעם ווי דו ביסט קאָן מען דערפון געבען קעסט...

---

אַ קאַצקער חסיד, אַ מקורב ביים רבין, האָט גענומען אַן איידעם אויף קעסט. עטליכע חדשים נאָך דער חתונה האָט דער יונגערמאַן אויפגעהערט לערנען, האָט דוקא געוואָלט ווערען אַ סוחר. איז דער חסיד אוועקגעפאָהרען צו ר' מענדעלע קאַצקער, אַז דער רבי זאָל איבערשמועס'ן מיט'ן איידעם און משפיע זיין אויף איהם, ער זאָל ניט אויפגעבען דאָס לערנען.

שפּעטער ווען דער חסיד איז געקומען קיין קאַצק, נאָך דעם ווי דער רבי האָט געהאַט געשמועסט מיט'ן איידעם זיינעם, האָט דער קאַצקער מיט אַ שמייכעל איהם געזאָגט.

— שמועסענדיג מיט דיין איידעם, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז אַלע מיינע רייד וועלען ניט האָבען קיין השפּעה, דיין איידעם איז ניט בלויז ניט פעהיג עפּעס צו לערנען, נאָר אפילו אין מסחר וועט ער זיין אַ לא יוצלח...

---

אַ חסידישער יונגערמאַן איז אַמאָל געקומען צום אַלעקסאַנדערער רבי'ן, געקלאָגט זיך פאַר איהם, אַז אין שטאָדט פאַרשפּרייט מען וועגען איהם מיאוסע בלבולים וואָס פאַרשאַפען איהם חרפּות ובושות און גרויס צער זיין בני־בית.

— און וואָס זאָגסטו אַליין? — האָט איהם דער אַלעקסאַנדערער רבי געברעגט — וועגען די מיאוסע בלבולים.

— וואָס זאָל איך זאָגען — האָט דער יונגערמאַן הכנעה'דיג געענטפערט — איך זאָג, אשרי מי שחושדין אותו ואין בו.

— נו, אויב אַזוי, — האָט איהם דער רבי געענטפערט — האַלט דיך בעסער ביים אשרי יושבי ביתך, וועט דיך קיינער ניט חושד זיין און מען וועט קיין מיאוסע בלבולים וועגען דיר ניט פאַרשפּרייטען...

---

אַ באַריהמטער רב, וועלכער האָט גע'שמ'ט פאַר אַ גדול־בישראל,

האָט אָנגעשריבען א ספר און איז געקומען צום חידושי הרי"ם, ער זאָל איהם געבען אן הסכמה.

— קוקט איהר ווען אריין אין די אחרונים — האָט איהם דער חידושי הרי"ם געפרעגט.

— ניין — האָט דער רב תמימות'דיג געענטפערט.

— אויב אזוי האָט איהם דער חידושי הרי"ם כלאחר־יד געענטפערט — וועט דאָך אויך אייער ספר קיינער ניט לערנען, ווייל איהר זייט דאָך אויך אן אחרון, איז דאָך מיין הסכמה לגמרי איבעריג.

---

— ווייסט איהר — האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי מיט א שמייכעל אמאָל געפרעגט זיינע חסידים — וואָס קאָרטען זיינען?

— אָפּגעמאָלטע, נאָכגעמאכטע מענשען זיינען קאָרטען — האָט ער אליין געענטפערט.

---

פאראַן אידען, האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי געזאָגט, וואָס זיינען מקיים דעם „למדו היטב", זיי ווילען נאָר לערנען גוט, אָבער ווילען ניט לערנען צו זיין גוט...

---

דער רבי ר' בונם, האָט אמאָהל שמועסענדיג מיט זיינע חסידים געזאָגט זיי, באַם א איד גלויבט ביי זיך, אז ער איז א פאָרטיגער מושלם, איז ער שוין אינגאַנצען אן אָבגעקאָכטער...

---

ר' מענדעלע קאָצקער האָט געזאָגט, אויב א מענש גרייכט אויף אזא הויכער מדרגה, אז ער קאָן זיך אליין ווייזען א „פייג", מעג ער דאמאָלט ארויסשטעלען א „פייג" דער גאַנצער וועלט.

---

— פריער דאַרף מען זיין א סור־מרע, נאָך דעם א שונא־רע, אז מען גרייכט צו די בחינה פון ועשה־טוב זאָל מען דעמאָלט ערשט קומען צו מיר קיין קאָצק — האָט ר' מענדעלע געזאָגט.

דער איד הקדוש האָט געזאָגט, די חתימה פון הקב״ה איז ניט געמאָלט נאָכצומאַכען, ווייל חותמו של הקב״ה הוא אמת — אויב נאָכגעמאַכט, איז שוין ניט אמת.

---

דער רבי ר׳ בער האָט געזאָגט, יעדער מענש פאַרמאָגט א העכסט אונשעצבאַר ארטיקעל און דאָס איינציגע זיכערע פלאַץ צו באַהאַלטען דאָס ווערטפולע ארטיקעל איז צווישען מיסט — דאָס איז גאוות...

---

דער וואָרקער רבי האָט געטייטשט, שנים שיושבים, צוויי אידען זיצען צוזאַמען, ואין ביניהם, צווישען זיי איז ניטאָ, קיין הבדל, קיין שנאה, מחלוקת און קנאה, אָט דאָס אליין איז שוין דברי תורה.

---

דער חידושי הרי״ם האָט געזאָגט, וכל מעשיך יהיה לשם שמים, אפילו דער שם שמים אליין, זאָל אויך זיין לשם שמים.

---

דער חידושי הרי״ם האָט אמאָהל מזהיר געווען זיינע חסידים, זאָלען זיין זהיר וזהיר ניט פוגע בכבוד צו זיין אין קיין שוחט, ווייל א שוחט האָט א חלף אין האַנט.

---

דער איד הקדוש האָט געזאָגט, צו זיין א בעל־מופת איז גאָר ניט שווער, א איד צו זיין איז שווער.

---

דער וואָרקער רבי האָט אמאָהל זייענדיג אויף א חתונה געהערט, ווי דער בדחן גראַמט, געדאַוועט, געלערענט, גאָט געדינט, האָט דער וואָרקער מיט א שמייכעל באַמערקט דעם בדחן, ניט געדאַוועט, ניט געלערנט און גאָט נישט דערצאָרנט...

---

א חסיד האָט אמאָהל געפרעגט דעם חידושי הרי״ם אויף דעם באַקאַנטען פסוק אמת מארץ תצמח — וואָס פאַר א זריעה פאַרפלאַנצט מען אין דער ערד אז ס׳זאָל ארויסוואַקסען אמת?

—אז מען באַגראָבט דעם שקר, וואַקסט ארויס דער אמת — האָט דער חידושי הרי״ם אבגעענטפערט.

א יונגערמאן, נאך דער חתונה, איז געקומען צום קאצקער, גע־קלאגט זיך פאר איהם, אז דער שווער האט איהם ניט געגעבען קיין טלית.

— וואסזשע, קלאגסטו — האט איהם דער קאצקער געזאגט — וויקעל זיך ארום בארבע כנפות הארץ.

---

דער רבי ר' בונם האט געזאגט, שינה באכילתן — אז מען איז שלעפעריג און הונגעריג, הבכור נאכל — זאל מען פריער עסען נאך דעם שלאפען.

---

— א מענש קאן זיך מפרנס זיין, אפילו ער זאל האנדלען מיט שפענדלאך פון האלץ — האט דער רבי ר' אלימלך געזאגט — אויב דער האנדעל ווערט איהם נאר ניט מיאוס.

---

א איד האט אמאהל געבעטען דעם קאזשניצער מגיד, ער זאל איהם געבען א סגולה געגען שלעכטע מחשבות.

— זאג דעם יצר הרע — האט איהם דער מגיד געענטפערט — געה דו שייגעץ, נאר אנטלויף.

---

א צדיק, האט דער רבי ר' אלימך געזאגט דארף זיך אליין ניט ליעב האבען, א בעל־תשובה דארף זיך אליין פיינט האבען.

---

אז צוויי אידען טרינקען לחיים איינער צום צווייטען, האט דער רבי אלימלך געזאגט זאל דער אנדערער ניט אבענטפערען בלויז לחיים טובים, ווייל „לחיים טובים” באטרעפט דאס זעלבע וואס קללה, 165, נאר זאל ענטפערען, לחיים טובים ולשלום.

---

צום קאזשינער מגיד איז אמאל געקומען א פוילישער פריץ, געבראכט א קוויטעל מיט א פדיון, געבעטען דעם מגיד, ער זאל איהם בענשען, אז זיין פרוי, די פריצ'טע, זאל איהם געבוירען א אינגעל.

— האט דער מגיד ארויפגעלייגט זיינע הענט אויפ'ן פריצ'ס קאפ און איהם אזוי געבענשט: רבונו של עולם, פארמאגסט אזוי פיעל גוים אויף דער וועלט, זאל זיין נאך א גוי.

צום קאָזשעניצער מגיד איז אמאָל געקומען אַן אויסגעדאַרט אויסגע׳חושכ׳טער איד, האָט דערצעהלט דעם מגיד, אז ער קלאָגט אויף גלות־השכינה, פאַסט משבת לשבת, טראָגט א שטריקענעם זאַק אויפ׳ן הוילען גוף.

— דער יצר הרע איז ניט קיין שוטה — האָט איהם דער מגיד מיט ביטול אָבגעענטפערט — ער האָט דיך נישקשה׳דיג אריינגענאַרט אין זאַק אריין.

---

דער בערדיטשעווער האָט געזאָגט, אז דער וואָס טרינקט וואַסער צו שטילען זיין דורשט, — לערנט תורה (אין מים אלא תורה) זאָגט דער רבונו של עולם, שהכל נהיה בדברו.

---

א רב, א פשיסכער חסיד, איז געקומען צום רבין ר׳ בונם, געקלאָגט זיך פאַר איהם, היות, דאָס שטעדטעל וואו ער איז רב איז א קליינס, האָט ער ווייניג פרנסה, הערשט אין שטוב ביי איהם גרוים עניות, די בני־בית ליידען דחקות.

— נו, וואָס זאָל איך פאַר דיר טאָהן — האָט איהם דער רבי ר׳ בונם געענטפערט — גלויב מיר, ס׳וואָלט מעגליך געווען צו גנב׳ענען א ווערטפולען חפץ פון הימעל, וואָלט איך דאָס פאַר דיר גע׳גנב׳ט, שטעהט אבער „והעושר והכבוד מלפניך״ — ווי אזוי קאָן איך גנב׳ענען, אז גאָט זעהט!

---

א חסיד, האָט געפרעגט דעם חידושי הרי״ם אַן עצה. אזוי ווי ער איז אַן אומן־יד צו שרייבען כתב־אותיות, ער איז אָבער אויך פעהיג צו זיין א מלמד, צו וועלכע פון די צוויי מלאכות זאָל ער זיך נעהמען?

— נעם דיך צו מלמדות — האָט איהם דער חידושי הרי״ם אָבגעענטפערט — וועט זיך דיר טרעפען א גוטער תלמיד, וועסטו אליין אויך עפּעס פון איהם לערנען.

---

דער איד־הקדוש האָט געזאָגט — פאַראַן צדיקים, וואָס האָבען א שוואַכקייט ברמיזה צו געבען אָנצוהערען זייערע נאָכפאָלגער, אז זיי ווייסען דעם קץ־הגלות, ווען משיח וועט קומען. דער אמת איז,

אז משיח׳ס קומען איז א סוד, וואָס דער וואָס ווייסט דעם סוד, איז ניט ביכולת בשום אופן פאַר קיינעם מגלה צו זיין, און דער וואָס איז מגלה, איז א סימן, אז ער הויבט גאָר ניט אָן צו וויסען...

---

דער רבי ר׳ אלימלך, האָט אמאָל בעת א שמחה של חדוה געזאָגט, צו זיינע חסידים אז ער איז בטוח, לאחר מאה ועשרים שנה, ווען ער וועט קומען אויפ׳ן עולם־האמת, וועט ער האָבען עולם־הבא און צוזאמען מיט אלע צדיקי־עולם וועט ער זיצען אין גן־עדן, נהנה זיין פון די געטליכע שכינה.

בשעת מען וועט מיך ברענגען לדין פאַר דער פמליא של מעלה — האָט ער די חסידים דערקלערט — וועט מען מיך פרעגן, האָסטו געלערנט? וועל איך ענטפערען דעם אמת, ניין. האָסטו געטאָהן מצות און מעשים טובים? וועל איך ווידער זאָגען דעם אמת — ניין. אויב אזוי, זאָגסטו דאָך אלימלך דעם אמת, וועט דאָס בית־דין פסקנ׳ען, ווייל איך זאָג דעם אמת, קומט מיר עולם־הבא.

---

דער רבי ר׳ בונם, זיצענדיג ביים טיש ארומגערינגעלט מיט זיינע חסידים האָט זיי געגעבען א פרעג:

— זאָגט מיר כ׳בעט אייך, וואָס איז א חסיד?

— א חסיד — האָט איינער א דרייסטער חסיד תיכף אבגעענטפערט — איז א איד וואָס טוט אלץ לפנים משורת הדין.

— אָט דאָס איז טאַקע געווען מיין כונה צו זאָגען אייך — האָט דער רבי ר׳ בונם מיט א שמייכעל דעם חסיד אָבגעענטפערט — די תורה זאָגט, לא תונו איש את עמיתו, דאָס איז „דין”, לפנים משורת דין הייסט, אז מען זאָל זיך אליין ניט אָבנאַרען...

---

דער רבי ר׳ אלימלך האָט אמאָל גע׳מוסר׳ט זיינעם א חסיד, א מקורב, פאַרוואָס ער מאַכט ניט חתונה זיין טאָכטער, וועלכע איז שוין געווען א מיידעל אין די יאָהרען.

— איך האָב ניט קיין נדן — האָט דער חסיד זיך געקלאָגט.

— נו, פאָהרט מען ארויס אויף דער וועלט צוזאמענצוקלייבען נדבות פאַר א נדן.

— איז דער רבי מסכים, איך זאָל מבטל זיין עבודת־הבורא און ארומפאָהרען אויף דער וועלט?

— וואָס הייסט, איך זאָל מסכים זיין? — האָט איהם דער רבי מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט — עס איז דאָך א בפירושע גמרא: בתך בגרה שחרר עבדך — ווען דיין טאָכטער איז ראוי לחופה, זאָלסטו זיך באפרייען פון עבודת־הבורא און חתונה מאכען דיין טאָכטער.

---

א חסיד האָט געבראַכט צום גאסטינינער רבין א חיבור פון חסידישע תורה און חסידישע סיפורים, געבעטען דעם רבין אן הסכמה אויפ'ן חיבור. האָט דער גאסטינינער אריינגעבליקט אינ'ם חיבור און תמימות'דיג געפרעגט דעם בעל־מחבר.

— איהר זייט דאָך א איד א למדן, פאר וואָס דרוקט איהר בעסער ניט קיין חידושים אויף גמרא אדער פלפול.

— דער חיבור, חסידישע תורה און סיפורים פון אונזערע הייליגע צדיקים געפעלען אייך ניט? — האָט דער חסיד, מחבר, מיט התפעלות געפרעגט דעם גאסטינינער.

— פאַרשטעהסט מיך נישט — האָט דער גאסטינינער מיט א שמייכעל אָבגעענטפערט — דיין חיבור געפעלט מיר זייער גוט, וואָל־סטו אָבער בעסער געדרוקט א ספר מיט חידושים אויף מסכתות, וואָלט דאָך די וועלט געזעהן, אז אויך א חסיד לערנט און קאָן לערנען...

---

א חסיד האָט דערצעהלט דעם קאָצקער, אז ער האָט בדעה צו פאָהרען קיין ארץ ישראל.

— וואָס איז דער צוועק פון דיין פאָהרען? — האָט איהם דער קאָצקער געפרעגט.

— איך וויל שטאַרבען און באַגראָבען ווערען אין ארץ ישראל, אויסצומיידען צער גלגול מחילות.

— אָט דאָס הייסט דער אמת'ער בעל גוף — האָט איהם דער קאָצקער שאַרף אָבגעענטפערט — אפילו נאָכ'ן טויט, האָט ער מורא אז דער גוף זיינער זאָל ליידען יסורים.

דער חידושי הרי״ם האָט געזאָגט. צוויי אידען טרינקען לחיים, גיבען זיך איינער דעם אנדערען די הענט, איז גלייך ווי זיי וואָלטען זיך געגעבען תקיעת־כף אז זיי וועלען פאַרבלייבען שטענדיגע גוטע פריינד.

---

אַ איד, אַ פּשיסכער חסיד, איז געקומען פרעגען דעם רבין ר׳ בונם אן עצה. היות, ער איז אַ שוחט און חזן אין אַ קליין שטעדטעל, קיין פּרנסה האָט ער ניט, אינ׳ם שטעדטעל פעהלט אַ **סופר**, וויל ער זיך לערנען זיין אַ סופר, אפשר פון אלע דריי מלאכות **וועט** ער האָבען חיונה.

האָט איהם דער רבי ר׳ בונם אזוי געענטפערט. משנים קדמוניות, האָט דער יצר־הרע געהאַט אַ שווערע ארבייט איבערצוורעדען צום שלעכטען יעדער מענש באַזונדער, אַ סך מענשען זיינען טאקע געווען וואָס האָבען איהם ניט געוואָלט פאָלגען, האָט דער יצר־הרע זיך מישב געווען, האָט אָנגעהויבען ארבייטען צווישען יחידים, וואָס דורך זייערע הענט קענען זיי מכשיל זיין אַ רבים, למשל, אַ שוחט, אַ חזן, אַ סופר, שפּעטער האָט דער יצר־הרע נאָך מעהר געוואָלט פאַרגרינגערען זיין ארבייט, האָט ער פון שוחט געמאַכט אַ חזן, איצט ווייזט אויס, איז דער יצר־הרע געפאַלען אויף אַ פרישע המצאה, נאָך וואָס זאָל ער איינ׳טענה׳ען, דארפען לויפען איבעררעדען צום שלעכטען דריי באַזונדערע מענשען, הלמאי וועט ער איבערגעבען אלע דריי מלאכות אין די הענט פון איין מענשען, שוחט, חזן, סופר, וועט איבעררעדען מיט דעם איינעם פאַר דריי און דער איינער וועט מכשיל זיין דעם רבים פאַר די פריהערדיגע דריי באַזונדערע מענשען...

---

מען דערצעהלט וועגען אַ באַוואוסטען רבין, ווען ער איז געווען אַ קינד האָט דער פאָטער אַ מאָהל געזאָגט צו איהם. — ווייסטו מיין קינד אז דו האָסט אַ טאַטען אין הימעל, וואָס דו ביסט איהם מחויב צו דינען?

— אויב ער איז אַ טאַטע — האָט דאָס קינד אָבגעענטפערט — פאַר וואָס גיט ער מיר קיינמאָהל ניט קיין גראָשען?

דער זידיטשויער האָט געזאָגט, דאָס וואָס די וועלט זאָגט, אַז אין פריה מאָרגען איז גוט צו האָבען א „פיטשאַטיק" שטאַמט פון תהלים וואָס דוד המלך האָט געבעטען ביי גאָט — שבענו בבקר חסדך, לאָמיך אריינלעגען א „פיטשאטעק" אין פריהמאָרגען, ונרננה ונשמחה כל ימינו — וועל איך א גאַנצען טאָג זינגען און זיין פרעהליך.

---

ווענען די עניות פון באריהמטען גאון ר' אבישעל פון פראנק־פורט דמיין ווערט דערצעהלט פאָלגענדעס.

ווען ר' אבישעל האָט געקראָגען דאָס כתב־הרבנות פון דער פראנקפורטער קהלה אז ער איז איינשטימיג דערוועהלט געוואָרען פראנקפורטער רב, איז ער דעם ערשטען שבת אָנקומענדיג קיין פראנק־פורט אַרויפגעגאַנגען אויף דער בימה אין בית־המדרש און אזוי געזאָגט:

— רבותי! איך האָב צו פרעגען דריי קשיות. א) היתכן, ווי קומט דאָס, אַז אזא גרויסע שטאָדט ווי פראנקפורט־דמיין זאָלען זיך געפינען אַזעלכע גרויסע שוטים וואָס זאָלען מיך, אבישלען, אויפנעמען פאר זייער רב, געבען מיר א כתב הרבנות, רופען מיך רבי, ווי קומט צו אזא, עיר ואם בישראל אזא שטות?

ב) באם אין פראנקפורט געפינען זיך אזעלכע גרויסע שוטים, וואָס האָבען אבישלען באשטימט פאר זייער רב, ווי נעהמט זיך דאָס אזא אונגעהייערע חוצפה פון אבישלען, גאָר צו וועלען זיין רב אין אזא באריהמטע אלטע אידישע קהלה מיט לומדים, אבישעל אליין, ווייסט דאָך ווער ער איז?

ג) אויב די אידען אין פראנקפורט זענען טאקע אזעלכע שוטים, אז זיי ווילען אבישלען, פאר זייער מרא דאתרא, און אבישעל איז אַזאַ חצוף, האָט אזא עזות, צו וועלען זיין פראנקפורטער רב, ווי קומט דאָס אָבער אז פון הימעל, זאָל מען מסכים זיין, אז אבישעל זאָל זיין פראנקפורטער רב?

איין תירוץ קאָן אָבער פארענטפערען אלע דריי קשיות, האָט דער גרויסער גאון באלד פארענטפערט.

אויב די אידען אין פראנקפורט דמיין זענען אזעלכע שוטים, גלויבען אז אבישעל, איז ראוי צו זיין פראנקפורטער רב, פאר וואָס,

זאָל אבישעל ניט וועלען, אויב די בעלי־בתים פון פראנקפורט ווילען, איז פון זיין זייט שוין ניט קיין חוצפה, און אויב ביידע, די פראנק־פורטער קהלה, מיט אבישלען, ווילען זיך איינער דעם אנדערען, פאַר־וואָס זאָל מען אין הימעל ניט מסכים זיין, אויב אזוי, איז דאָס טאַקע פון הימעל, אז אבישעל זאָל פארבלייבען פראנקפורטער רב...

---

א סוד הייסט, האָט דער רבי ר׳ בונם געזאָגט, אז מען זאָל זאָגען, אַלע זאָלען הערען און קיינער זאָל נישט וויסען.

---

אַ איד האָט זיך געקלאָגט פאר׳ן שפת אמת, אז דער זכרון ווערט ביי איהם שוואַך, ער פאַרגעסט אַלץ.

— ס׳איז א חסד פון דער השגחה און מיר דארפען דאנקען השי״ת — האָט איהם דער שפת־אמת געזאָגט — וואָס אונזער זכרון ווערט אויף די עלטערע יאָהרען אָבגעשוואכט, מיר זאָלען פאַר־געסען די צרות און ליידען וואָס מיר האָבען במשך פון אַלע יאָהרען פון לעבען געליטען און דורכגעמאכט.

---

דער חידושי הרי״ם האָט אמאָהל צוגערופען זיין אייניקעל ר׳ שמעון און צו איהם אזוי געזאָגט:

— זאָלסט זיך ניט גרוים האלטען און שטאָלצירען מיט דעם יחוס, וואָס איך בין דיין זיידע. אין געגענטייל, זאָלסט וויסען מיין קינד, אז א בן־מלך קומט אין א שטאָדט אריין, זאָגט, אָדער טוהט א דבר חכמה, כאָטש ווען אן אנדערער מענש, אן איש פשוט, וואָלט דאָס געזאָגט, אָדער געטאָהן, וואָלט דאָס בודאי פאראיבער אומבא־מערקט, וואָלט דאָס פאר קיין חכמה ניט פארערעכענט געוואָרען, אז דער בן־מלך האָט דאָס געזאָגט, אדער געטאָהן, זאָגען אַלע אין שטאָדט, דער חכם און געלערנטער איז דער זוהן פון מלך.

להיפוך, אז דער בן מלך, זאָגט א נארישקייט, אָדער אומווירדיג־קייט, כאָטש ווען אַן אדם פשוט, וואָלט דאָס נארישקייט געזאָגט, אָדער געטאָהן די אומווירדיגקייט וואָלט דאָס פארערעכענט געוואָרען פאר נישטיג און אומוויכטיג, אבער אז דער בן־המלך האָט דאָס געזאָגט אדער געטאָהן זאָגען אַלע שטאָדט־מענשען — ווי נאריש, געמיין, באַנאַל אומווירדיג, עס איז דער זוהן פון מלך. דעריבער מיין

קינד, זיי פאַרזיכטיג מעהרער פון אנדערע מענשען, זיי זהיר וזהיר אפילו אויף דער קלענסטער זאַך...

---

— וואו וואוינט גאָט — האָט דער קאָצקער געפרעגט און אליין געענטפערט — דאָרטען וואו מ'לאָזט איהם אריין.

---

ר' מענדעלע קאָצקער האָט אמאָהל צוגערופען א חסיד זיינעם, א פראָסטען איינפאכען אידען און געזאָגט צו איהם — אזא איד, ווי איהר, דארף זיצען אונטער'ן אויווען און זאָגען תהלים און ניט פאָהר'ען קיין קאָצק.

---

דער חידושי הרי"ם צוזאמען מיט'ן וואַרשעווער רב ר' בעריש מייזעלס, זיינען א מאָל צוליעב א נויטווענדיגען טובת הכלל אינטע־רעס געצוואונגען געווען געגען זייער רצון צו באזוכען א וואַרשאַווער גביר וואָס איז באקאנט געווען פאר א האַלבען אסימילאַטאָר. אריינ־קומענדיג צום גביר אין שטוב, האָבען זיי גראָד געטראָפען דעם גביר מיט זיין בני־בית ביים מיטאָג, האָט דער חידושי הרי"ם, ווי דער סדר העולם, געזאָגט דעם גביר — מיט א גוטען אפעטיט!

— ווען איהר רבי, זאָלט וויסען, אז דאָס עסען איז צוגעגרייט פון מאכלות אסורות, אז איך עס טריפות, וואָלט איהר מיר אודאי ניט געוואונשען מיט א גוטען אפעטיט.

— איהר מאכט א טעות, מיין הער — האָט איהם דער חידושי הרי"ם כלאחר־יד אָבגעענטפערט — איך האָב אייך ספעציעל גע־וואונשען א גוטען אפעטיט, כדי איהר זאָלט עסען, אייער טריפה'נעם מיטאג „לתיאבון", ניט „להכעיס". וואָלט איהר געגעסען די מאכלות אסורות אָהן אפעטיט וואָלט דאָס געהייסען להכעיס, האָב איך אייך געוואונשען אפעטיט דאָס איהר זאָלט עסען „לתיאבון"...

---

א איד האָט אמאָל דערצעהלט דעם פשיסכער, אז ער האָט זיך געקויפט א פערד און איז געוואָרען א בעל עגלה.

— אויב אזוי — האָט איהם דער פשיסכער געענטפערט — וועט דאָך דאָס פערד דיר שטענדיג ליגען אין קאָפּ, האָסטו דאָך גע־מאכט דיין קאָפּ פאר א שטאַל.

עת רקוד — האָט דער חידושי הרי"ם געזאָגט — די צייט פון טאַנצען, טאַנצט זיך אליין.

---

דער זידיטשויווער האָט געזאָגט — ווען איך וויל ברוגז ווערען באַהאַלט איך דאָס אויף שפּעטער, דעם משא־ומתן, וועל איך שפּעטער אויך ניט פאַרלירען.

---

דער וואָרקער רבי האָט אמאָהל דערקלערט דעם מאמר חז"ל, „הרבנות מקברת את בעליה" אויף פאָלגענדען אופן.

— יעדער בעל מלאכה האָט פיינט זיין אומנות. למשל, א שניידער וויל זיין א שוסטער, א שוסטער וויל זיין א סטאָליאר א. ז. וו. ווייל יעדער בעל מלאכה קלאָגט זיך, אז פון זיין פאַך האָט ער ניט קיין פּרנסה, איז איהם זיין אייגען אומנות מיאוס, האָט ער דארום חשק צו אן אנדערער באַשעפטיגונג.

א רב אָבער, אפילו ער איז אן אביון, האָט ניט קיין פּרנסה, זיין בני־בית ליידען דחקות, קלאָגט ער זיך קיינמאָל ניט אז ער וויל פּטור ווערען דאָס רבנות, באַשעפטיגען זיך מיט אן אנדערע מלאכה, זיין איינציגער חשק און שטרעבונג איז צו ווערען א רב אין א גרעסערע שטאָדט, דערפאַר האָבען די חז"ל געזאָגט, — הרבנות מקברת את בעליה...

---

א חסיד האָט אמאָהל געקלאָגט זיך פאַר'ן ראַדזשינער רבין, אז ער האָט ניט קיין פּרנסה.

— געזונט ביסטו?

— א דאַנק השי"ת.

— אַפּעטיט צום עסען האָסטו?

— ניט צו פאַרזינדיגען.

—ביסטו דאָך ניט קיין אָרימאַן, פאַרמאָגסטע דאָך 600 רובעל.

— ווי אַזוי? פונוואַנען? — האָט דער חסיד מיט פאַרוואונ־דערונג געפרעגט.

— איך וועל דיר דערקלערען. נעכטען איז ביי מיר געוועזען א איד, האָט מיר דערצעהלט, אז זיין פרוי, לא עלינו, האָט ניט קיין אַפּעטיט צום עסען, ס'האָט איהם שוין אָבגעקאָסט דאָקטוירים מיט

רפואות נאָהנט פון 600 רובעל, און זי האָט נאָך אַלץ ניט קיין אַפּעטיט צום עסען, אַז דו האָסט אַן אַפּעטיט צום עסען, פאַרמאָגסטו דאָך די 600 רובעל, וואָס דו וואָלסט פאַר אַן אַפּעטיט צום עסען באַדאַרפט אויסגעבען...

---

דער אַלעקסאַנדערער רבי האָט אַמאָל שמועסענדיג מיט זיינע חסידים וועגען קנאה, גאוה, כבוד, געזאָגט — קנאה נאָך וואָס? תאוה צו וואָס? כבוד פאַר וואָס?

---

דער זידיטשויווער האָט געזאָגט, חסידים טאָרען ניט זאָגען, אַז זייער רבי, צו וועמען זיי פאָהרען, איז דער גרעסטער צדיק אויף דער וועלט, יעדער רבי איז גוט פאַר זיינע חסידים. די חסידים וואָס זאָגען צו זייער רבין איז ניטאָ קיין פאַרגלייכען, דינען עבודה זרה.

---

א סאַמבורער חסיד האָט אַמאָל שבת פריה געדאַווענט מיט אַזאַ התלהבות, האָט געמאַכט אַזעלכע משונהדיגע תנועות, געשרייען און קולות, אַז דער רבי, ר׳ משה׳לע סאַמבורער, האָט צוגערופען דעם משמש געהייסען שטיל מאַכען דעם פייערדיגען חסיד. נאָכ׳ן דאַווענען האָט דער סאַמבורער צוגערופען דעם פייערדיגען דאַווענער און געזאָגט צו איהם:

— ווען מען זאָל קענען מיט דיין פייערדיג דאַווענען כאָטש אָבקאָכען אַ טאָפּ עסען, וואָלט מיך אודאי ניט געקימערט דיינע משונה׳דיגע תנועות.

---

א וואַרשאָווער עושר, מיט אַסימילאַטאָרישע נייגונגען, האָט זיך פאַרגלוסט מכבד צו זיין דעם חידושי הרי״ם מיט סנדקאות ביי אַ ברית מילה וואָס איז פּונקט אויסגעקומען אום שבת. ווען דער חידושי הרי״ם, איז אריינגעקומען אין הויז האָבען מאַנכע פון די אַנוועזענדע געסט, שנעל אָוועקגעוואָרפען זייערע רויכענדע ציגאַרען, דער חידושי הרי״ם האָט דאָס באַמערקט, האָט ער צוגערופען דעם בעל-ברית, בקול רם, אַז דער גאַנצער עולם זאָל הערען, צו איהם אַזוי געזאָגט.

— ס׳ווערט געבראַכט אין מדרש, אז דער רבונו של עולם האָט געשטראָפט אליהו הנביא, דערפאַר וואָס ער האָט געזאָגט אויף די אידען, זיי האָבען פאַרלאָזט מיין ברית, זאָל ער אויף יעדער אידישען ברית מוזען אָנוועזענד זיין, איז דאָך קשה, פאַר אַזאַ שווערען עונש, איז דאָס צו זיין אָנוועזענד אויף יעדער אידישען ברית. אדרבא, ס׳איז דאָך גאָר אַ זכות, נאָר יעצט אַריינקומענדיג דאָ צו אייך אין שטוב צו דעם ברית, באַגרייף איך ערשט דעם עונש, וואָס אליהו הנביא האָט אויסצושטעהן, אז ער דאַרף אויף אַזאַ ברית, ווי דאָ איצט ביי אייך זיין אָנוועזענד.

---

— השליך משמים ארץ — דאָס הימלישקייט, רוחניות׳דיגקייט, אידישע גייסטיגקייט — האָט דער חידושי הרי״ם געזאָגט — האָבען די אידען אוועקגעוואָרפען, דאָס ארצות׳דיגע, גשמיות׳דיגע, תענוגי הגוף, — תפארת ישראל, דאָס איז צו אונזער גרוים באַדויערען געוואָרען אידישע שעהנקייט.

---

דער רבי מלובלין האָט אמאָהל מזהיר געווען זיינע חסידים זיי זאָלען ניט פאַרפיהרען קיין מחלוקות מיט קיין שוחט, ווייל התחלת יורה־דעה רעדט זיך וועגען הלכות שחיטה, סוף יורה־דעה פאַרענדיגט זיך מיט הלכות אבלות, אויב איינער פאַרפיהרט אַ מחלוקת געגען אַ שוחט, קאָן אמאָהל חלילה דער סוף זיין, אבלות...

---

דער איד הקדוש האָט אמאָהל געפרעגט זיין תלמיד, ר׳ בונם,
— זאָגט מיר ר׳ בונם, וואָס ווּעט איהר טאָהן משיח׳ס צייטען?
— איך וועל יעדען טאָג לערנען און דאווענען, עסען בחברותא אַ סעודה מיט חסידים, נאָכ׳ן עסען אוועקלייגען זיך אויף אַ באַנק שלאָפען מיט טלית ותפילין צוקאָפּענס, אז מען וועט אַ געשריי געבען — משיח איז שוין דאָ! וועל איך שנעל אויפשטעהן, כאַפּען טלית ותפילין און משיח׳ן אנטקעגען לויפען.
— איך האָב מורא — האָט איהם דער איד הקדוש מיט אַ שמייכעל אָבגעענטפערט — אז איהר וועט ניט קענען און מען וועט אייך ניט לאָזען שלאָפען.

א חסיד האָט אַמאָל גאוה'דיג דערצעהלט דעם פשיסכער, אז ער האָט אויסגעלערענט גאַנץ מסכת כתובות.

— אַזוי? — האָט דער פשיסכער בלשון בתמיה דעם חסיד געפרעגט — דו האָסט אויסגעלערענט כתובות, וואָס האָט כתובות דיך אויסגעלערנט?...

---

— דערפאַר ווערט א רבי גערופען „גוטער איד" — האָט דער פשיסכער געזאָגט, ווייל א רבי דאַרף ליעב האָבען יעדען איד אהבת נפש, און אויף יעדער איד זוכען א זכות, צום גוטען.

---

א צווייט מאָל האָט דער פשיסכער געזאָגט, אַז דאָס וואָס מען רופט א רבין „גוטער איד" וואָלט געווען צוליעב זיין דאַווענען, לערנען אדער ווייט זעהן, וואָלט מען על־פי שכל, באַדאַרפט רופען איהם „גוטער דאַווענער", „גוטער לערנער" אדער „גוטער זעהער", נאָר דערפאַר רופט די וועלט א רבין „גוטער איד", ווייל ער קלערט גוט, טרינקט גוט, עסט גוט, שלאָפט גוט, טראַכט גוט, מיינט גוט, און איז בכלל גוט...

---

דער חידושי הרי"ם האָט אמאָהל געזאָגט באם מען וועט איהם אויפ'ן עולם־העליון פאר'משפט'ן אין גיהנם אריין, וועט ער ארויפקריכען אויפ'ן דאך פונ'ם גיהנם, וועט דאָרטען אָנהויבען זאָגען תורה, וועלען אלע צדיקים פון גן־עדן קומען ארויפצולויפען אויפ'ן דאך הערען זיין תורה, וועט אויפ'ן דאך פון גיהנם, ווערען דער גן־עדן.

---

א מתנגד האָט אינמיטען א הייסען ויכוח מיט א חסיד, פאַר־געוואָרפען איהם, אַז זיין רבי, איז א מעכאַנישער מענש.

— ביסט זייער גערעכט — האָט איהם דער חסיד אָבגעענטפערט — דער רבי מיינער איז טאַקע א מחיה'נישער מענש, יעדער איד וואָס קומט מיט איהם אין באַריהרונג, איז זיך מיט איהם מחיה.

---

א רב, א מתנגד האָט געטראָפען א חסידישען רבין דאַווענען שפּעט נאָך מיטאָג, האָט ער איהם געפרעגט — דערקלערט מיר, פאַר־וואָס דאַווענט איהר אַזוי שפּעט?

— ווייל איך בין געשלאָפען שפּעט!
— פאַר וואָס זייט איהר געשלאָפען שפּעט?
— ווייל איך האָב געגעסען וויעטשערע שפּעט.
— פאַר וואָס האָט איהר געגעסען וויעטשערע שפּעט?
— נאַרישער מתנגד, ווייל מ'האָט אָבגעקאָכט שפּעט...

---

ר' משה ליב סאַסעווער האָט געזאָגט, אז אַ מענש טאָר זיך ניט גרויסהאַלטען אפילו לגבי א רשע, מחמת ס'איז גאַנץ מעגליך, אז דער רשע, באַזיצט אין זיך אַזאַ גוטע מידה, וואָס דו פאַרמאָגסט דאָס ניט אין זיך.

---

א קראַנקער מענש איז בטבע תמיד אַן אויפגערעגטער, א נער־ווישער, א בייזער און א כעסן, צוליעב דער מינדסטער קלייניגקייט איז א קראַנקער מענש גרייט זיך צו קריגען, בעטען מיר דארום — האָט דער סאַסעווער געזאָגט — ד' עוז לעמו יתן, גאָט זאָל די אידען געבען געזונט, — ד' יברך את עמו בשלום, וועלען די אידען ממילא פון גאָט געבענשט זיין מיט שלום.

---

בעת דער בערדיטשעווער איז געווען אין אונגאַרען, איז איהם איינמאָהל אויסגעקומען אָבצושטייגען אויפ'ן וועג, איבערנעכטיגען אַ נאַכט אין הויז פון א איד אַ קצב. פאַרשטעהט זיך, אז דער קצב האָט איהם ניט געקאָנט, ער האָט פּונקט באַדאַרפט שעכטען א בהמה, האָט ער געפרעגט דעם בערדיטשעווער, אויב ער איז א שוחט.

— איהר האָט געטראָפען, איך בין טאַקע א שוחט — האָט איהם דער בערדיטשעווער אָבגעענטפערט.

— גאָט האָט אייך צוגעשיקט — האָט דער קצב דערפרייט זיך מיט איהם — איך דאַרף נויטיג שעכטען א בהמה, דער שוחט וואוינט ווייט פון דאַנען, איך וועל אייך באַצאָהלען שחיטה געלד און מאַכט גרייט דעם חלף.

— איך וויל אָבער פריער פון אייך א טובה — האָט דער בערדיטשעווער איהם געלאָסען געזאָגט.

— ס'איז קענטיג, גלויב איך, אויף מיין פנים אז איך בין אַן איש אמת, אזוי ווי איך פאָהר ארום די דערפער זאַמלען נדבות,

בין איך ב"ה אן איש מצליח, מיר ענטזאגט קיינער ניט קיין נדבה, היינט האָב איך געקראָגען א דעפעשע פון מיין פרוי, אז איך מוז אומבאדינגט, תיכף־ומיד, ארויסשיקען א היים 20 רובעל, בעט איך אייך, טוט מיר די געפעליגקייט, באָרגט מיר די 20 רובעל, איך בין אייך מבטיח, אז איך וועל מיט גרויס דאנקבארקייט אָבצאָהלען אייך דעם חוב.

— ווי אזוי קאָנט איהר פארלאנגען פון מיר — האָט דער קצב מיט פארדראָס געפרעגט דעם בעררדיטשעווער — איך זאָל אוים־באָרגען אַן אומבאַקאַנטען אידען 20 רובעל?

— זאָלען דיינע אויערען הערען וואָס דיין מויל רעדט — האָט איהם דער בעררדיטשעווער געענטפערט — צוואַנציג רובעל ווילסטו מיר ניט אויסבאָרגען, ווייל דו קאָנסט מיך ניט, א בהמה שעכטען, ביסטו מוכן ומזומן זיך סומך צו זיין אויף מיר, זאָלסטו וויסען, אז איך בין ניט קיין שוחט, וואָלסטו אָבער אָנגעטראָפען אַן אונפאר־אַנטוואָרטליכען געלד־גייציגען אָרימען אידען איז מעגליך, פאר עטליכע רייניש שחיטה געלד וואָלט ער געשאָכטען די בהמה, וואָלסטו מאכיל טריפות געווען אידען וואָס די עבירה איז פיעל גרעסער ווי באָרגען א פרעמדען אידען צוואַנציג רובעל, וואָס וואָלט דיר מבטיח געווען אָבצוגעבען און וואָלט דיך אויסגענאַרט.

---

צום קאזשניצער מגיד איז אמאָהל געקומען אַן עלטערער איד, אז דער מגיד זאָל בעטען פאר זיין פרוי וועלכע איז שטארק קראַנק, זי האָלט ביים שטארבען, זי זאָל האָבען א רפואה־שלמה.

האָט דער מגיד באַטראַכט דעם אידען, טיעף אריינגעקוקט אין זיינע אויגען און געזאָגט צו איהם. — רבות מחשבות בלב איש, דער מאַן טראַכט אין הארצען מיט וועלכע פרוי חתונה צו האָבען, איך זאָג דיר אָבער — ועצת ד' „היא" תקום, גאָט וועט העלפען דיין פרוי וועט זי אויפשטעהן און געזונט ווערען...

---

דער חידושי הרי"ם האָט געוואָרענט זיינע חסידים זאָלען תמיד זיין זהיר וזהיר בכבוד הרב, מרא דאתרא פון שטאָדט, ווייל א רב האָט א חלף אונטער דער פאָלע, שעכט און ווייסט אפילו אַליין נישט וועמען ער שעכט.

אין א שטאָדט האָט אויסגעבראָכען אַן עפּידעמיע, מענשען זענען פּלוצלונג קראַנק געוואָרען. זענען עטליכע חשובע בעלי בתים אוועקגעפאָהרען צו א באַוואוסטען חסידישען רבין פרעגען אַן עצה, וואָס צו טאָהן אָבצושטעלען די עפּידעמיע.

— זאָלען די אידען אין אייער שטעדטעל אָפטער געהן אין מקוה אריין — האָט דער רבי זיי געענטפערט.

— וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס געהן אין מקוה אריין מיט'ן פּלוצלינגען אויסברוך פון דער קראַנקהייט — האָבען די אידען מיט התפעלות געפרעגט.

— ס'האָט שוין גאָר אַ שייכות — האָט זיי דער רבי געענטפערט — ס'ווערט בפירוש געבראַכט, מקוה ישראל מושיע בעת צרה — א מקוה העלפט אין צייט פון אַן עת־צרה.

---

ר' מענדעלע קאָצקער האָט געזאָגט: צדיקים מתנגדים, אַז מ'קומט צו זיי, זאָלען בעטען פאַר א חולה אָדער עקרה, זענען זיי מתפלל פאר'ן רבונו של עולם און ווירקען מיט זייער תפילה, זיי טראַכטען גאָר ניט, די צדיקים מתנגדים, אַז דער אויבערשטער איז א שומע תפלת כל פה — צו בעטען ביי השי"ת א טובה, ווי א היימי־שער, דאַרויף איז קיינער ניטאָ אין דער היים, דאָס קענען זיי נישט.

---

דעם בערדיטשעווער איז איינמאָהל אויסגעקומען אונטערוועגענס איבערצונעכטיגען אין אַן אכסניא וואו מ'האָט איהם ניט געקאַנט, צוזאַמען מיט עטליכע סוחרים וואָס זענען געפאָהרען אין א דער־בייאיג שטעדטעל אויף אַ יאריד. בעלות השחר, זענען די סוחרים אויפגעשטאַנען גרייטענדיג זיך צו פאָהרען אויפ'ן יאריד, אזוי ווי אויף דער אכסניא איז ניט מעהר געווען ווי איין פּאָר תפילין, האָט איינער געמוזט וואַרטען אויפ'ן צווייטען ביז ער וועט אָבדאַוונען, האָבען זיי שנעל, בחפזונ'דיג, אָבגעכאַפּט דאָס דאַווענען, שנעל אָנ־געטאָן און אויסגעטאָן די תפילין. נאָכ'ן דאַווענען, האָט דער בער־דיטשעווער צוגערופען צוויי סוחרים יונגעלייט, געזאָגט צו זיי.

— זייטזשע, מוחל יונגעלייט, קומט נאָר אהער, איך וויל אייך עפּעס פרעגען. אַז די יונגעלייט זענען נעהענטער צוגעקומען צום

בערדיטשעווער האָט ער אָנגעהויבען רעדען צו זיי שטאַמלענדיג. — מאַ־מאַ־מאַ, וואָס־וואָר בלע, בלאַ־בלאַ, קיד־קיד, בלאַ־מאַ־וואר־וואר. זענען די צוויי יונגעלייט דערשטוינט געבליבען שטעהן, האָבען דער־שראָקענע באַטראַכט דעם בערדיטשעווער — אַט ערשט האָט ער גערעדט צו זיי ווי אלע מענשען, גאָר פּלוצלונג האָט ער אָנגעהויבען שטאַמלען, האָבען זיי ארויסווייזענדיג איהם מיטלייד, געבעטען זיך ביי איהם, ער זאָל זיי ווייזען מיט די הענט, געבען זיי סימנים, וואָס ער פאַרלאַנגט. דער בערדיטשעווער האָט אבער ניט אויפגעהערט, שנעל שטאַמלענדיג צו רעדען, דיזעלבע אויבענדערמאָנטע אבגעהאקטע אונפארשטענדליכע ווערטער.

— ניט אַנדערש, אַז דער איד איז נעבאַך משוגע — האָט איין יונגערמאַן געזאָגט צום צווייטען.

— איך בין ניט משוגע — האָט דער בערדיטשעווער פארדראָסיג מיט קלאָר־לשון זיי אָבגעענטפערט. — ווי קומט דאָס אַז איהר פאַר־שטעהט ניט דאָס שטאַמעלדיגע לשון, אָט מיט דיזעלבע צוברעקעלטע, אָבגעהאקטע שפּראַך, אומפארשטענדליכע ווערטער, האָט איהר דאָך נאָר וואָס גערעדט, גערעדט צום בורא כל עולמים.

— וואָס מיינט איהר — האָבען די צוויי יונגעלייט, פארשטע־הענדיג דעם בערדיטשעווערס פאָרוואורף איהם אָבגעענטפערט — אַז דער אויבערשטער האָט אונז ניט פאַרשטאַנען? האָט איהר גע־זעהן א קליין קינד וואָס ליגט אין וויגעלע, קען ניט רעדען קיין צוזאַ־מענגעשטעלטע ווערטער, נאָר שרייט מיט אומפארשטענדליכע קלאַנגען — מאַ־באַ־ראַ־גאַ — די גרעסטע חכמים און געלערהרטע, וועלען ניט פארשטעהן וואָס דאָס קינד וויל, פאָטער־מוטער, וועלען נאָר צו־געהן, וועלען זיי תיכף וויסען פון קינדס תנועות און אָבגעהאקטע, האַלבע קלאַנגען וואָס דאָס קינד פאַרלאַנגט, — וואַסער אָדער מילך. כך, אזוי איז מיט אונז. מיר זענען גאָטס קינדער, גאָט איז אונזער פאָטער. איהר האָט ניט פארשטאַנען וואָס מיר האָבען גערעדט, גאָט פארשטעהט אָבער זיינע קינדער, ניט בלויז דורך זייערע תנועות, ווייסט זייערע בקשות אפילו ווען מיר בעטען צו איהם אין אַזאַ שנעלער, אָבגעהאקטער שטאַמעלדיגער שפּראַך.

ווען דער בערדיטשעווער האָט געהערט דעם ענטפער פון די יונגעלייט, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש לויט זיין שטענדיגען

נוסח מלמד זכות צו זיין אויף אידען, האָט ער ארומגעכאפּט די צוויי יונגעליט, האָט זיי געקושט און געהאלזט פאר גרויס שמחה און פרייד.

---

ר׳ משה ליב סאַסעווער האָט דערצעהלט, אז ס׳איז איהם אמאָל אויסגעקומען זיך איינצוהערען א געשפּרעך פון דארפס פויערים ביי א גלעזעל משקה. איין פויער האָט האלטענדיג א גלאָז משקה אין האנט, געפרעגט דעם צווייטען.

— סטעפּאן, האָסטו מיך ליעב אָדער נישט?

— איך האָב דיך זייער ליעב — האָט דער צווייטער פויער געענטפערט.

— אז דו האָסט מיך ליעב, סטעפּאן, ווייסטו וואָס מיר פעהלט?

— פון וואנען זאָל איך וויסען וואָס דיר פעהלט? — האָט דער פויער געענטפערט.

— אז דו ווייסט ווייטער נישט, וואָס מיר פעהלט, ווי אזוי קאָנסטו זאָגען, סטעפּאן, אז דו האָסט מיך ליעב?

אָט פון דעם האלב שיכורן פויערשען געשפּרעך האָב איך געלערנט — האָט דער סאַסעווער פארענדיגט — אז אמת׳ער אהבת ישראל, ליעב צו האָבען דעם חבר, מיינט מיט־צו־פיהלען דאָס וואָס פעהלט דיין חבר און מיט־צו־ליידען מיט איהם אין אלע זיינע וועהטאָגען און צרות.

---

דער בערדיטשעווער איז אמאָל געקומען צו גאַסט צום רבי מלובלין, האָט דער משמש אריינגעבראכט קאַווע מיט מילך אין צוויי באזונדערע כלים, האָט דער רבי מלובלין גענומען די כלי מיט קאווע, געוואָלט אָנגיסען פאר׳ן בערדיטשעווער, האָט דער בערדיטשעווער אָנגעכאפּט זיין האנט און מיט א שמייכעל געזאָגט צו איהם.

— זייט מוחל, לובלינער רבי, פריער גיסט אריין די מילך, נאָכ־דעם די קאווע, וועל איך אויסטרינקען א גאנצע מקוה — „חלב״ באטרעפט 40, ווי דאָס בוכשטאב „מ״. צוזאמען מיט „קוה״ מאכט דאָס „מקוה״...

כידוע, איז דער רבי מלובלין געווען א גרויסער עניו. איינמאָהל האָט ער געזאָגט צו די חסידים אפילו א מלאך השם, וועט קומען און און זאָגען מיר, אז איך בין א צדיק, וועל איך איהם ניט גלויבען, אויב דער רבונו של עולם וועט זאָגען אז איך בין א צדיק, וועל איך בלויז גלויבען די רגע, וואָס דער אויבערשטער וועט דאָס אויף מיר זאָגען — ניט מעהר...

---

דער קאָצקער האָט דערקלערט דעם חילוק פון א חסיד ביז א מתנגד אין אזא ווערטעל — דער חסיד האָט מורא פאר גאָט, דער מתנגד האָט מורא פאר'ן שלחן ערוך...

---

ישמח לב מבקשי ד' — האָט דער רבי ר' בונם געטייטשט — ס'איז די טבע פון א מענש, בעת ער זוכט א פארלאָרענע זאך בשעת דעם זוכען איז ער פול מיט וועהטאָג און צער, ער ווערט ערשט א פריי־ליכער, ווען ער געפינט די אבידה — די מבקשי ד', וואָס זוכען גאָט, ווילען איהם געפינען, זענען פריילאך, האָבען פארגעניגען באלד בשעת דעם זוכען.

---

אלס יונגערמאַן איז דער אלעקסאַנדערער רבי געפאָהרען צום רבין ר' בונם. האָבען חסידים איינמאָהל אָנגעוויזען דעם צוקונפטיגען אלעק־סאַנדערער רבין אויף א יונגענמאַן וואָס האָט זיך איינגעשמועסט אז ער האָט גלוי־אליהו, גרייט־צו־ווערען רבי האָט דער אלעקסאַנדערער רבי גענומען א קוויטעל, אויסגעשריבען מיט משונה'דיגע גרויסע כתב־אותיות די התנהגות פון אן איש קדוש וטהור, האָט אונטערגעציי־כענט „מלאך פיל"ד" און דאָס אונטערגעוואָרפען דעם יונגנמאַן.

אז דער יונגערמאַן האָט דערזעהן דאָס קוויטעל מיט'ן משונה'די־גען כתב, איז ער זיכער געווען, אז דאָס האָט מען איהם אונטער־געוואָרפען פון הימעל, ווי אזוי ער זאָל זיך אויפפיהרען, האָט ער דערשראָקען געכאַפּט דאָס קוויטעל און מיט גרוים אימה אריינגעלאָ־פען צום רבין ר' בונם.

דער רבי האָט איבערגעלייענט דאָס קוויטעל, האָט ער תיכף פארשטאַנען וועמענס ארבייט דאָס איז, האָט ער זיך צושמייכעלט. דער יונגערמאַן אן איבערראַשטער פון רבינ'ס גלייכגילטיגע האַלטונג

צו דעם הימלישען קוויטעל האָט מיט דערשראָקענהייט געפרעגט דעם רבין, ר' בונם, וואָס ער לאַכט.

— מיר איז באַקאַנט דער מלאך ! — האָט דער רבי ר' בונם מיט אַ שמייכעל געענטפערט, דעם נאָך אַלץ דערשראָקענעם יונגענמאַן — קום צו נעהנטער וועל איך דיר אויפקלערען די ראשי תיבות פון הימלישען מלאך.

אַ דערציטערטער איז דער יונגערמאַן נעהנטער צוגעגאַנגען צום רבין ר' בונם און דער רבי האָט איהם איבערגעלייענט די ראשי תיבות פון „מלאך פיל"ד" — פתי יאמין לכל דבר . . .

---

בכל עת יהיה בגדיך לבנים, ושמן על ראשך אל יחסר — האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי געטייטשט, אַז יעדער מענש דאַרף אין זיינע נעדאַנקען תמיד זיך פאָרשטעלען, אַז ער איז געקליידעט אין ווייסע זיידענע קליידער, אויף זיין קאָפּ שטעהט אַ קריגעל בוימאויל, אויב ער וועט מיט'ן קאָפּ אָפּנייגען אין אַ זייט, קאָן דער בוימאויל זיך אויסגיסען און פאַראומרייניגען זיינע ווייסע זיידענע קליידער.

---

דער פשיסכער איז אַמאָל אין דער באַגלייטונג פון זיינע מקורבים פאַרביינעגאַנגען אַ פּלאַץ, וואו מ'האָט געהאַלטען אין אויפ־בויען אַ הויז. דער פשיסכער האָט זיך אָבגעשטעלט, ער האָט אויפ־מערקזאַם נאָכגעפאָלגט אַן ארבייטער, וואָס האָט געזוכט עצות צו־זאַמענצופּאַסען צוויי קלעצלאַך און האָט ניט געקאָנט, וויל פון איין קלעצעל האָט ארויסגעשטאַרט אַן ארויסגעוואַקסענער „סענק", וואָס האָט געשטערט דאָס צוזאַמענפּאַסען. דער פשיסכער האָט געוואָלט זעהן וואָס דער ארבייטער וועט טאָהן.

דער ארבייטער האָט גענומען אַ דלאָטע, אינ'ם צווייטען קלעצעל אויסגעשניטען אַ טיפען שניט, האָט אַזוי ארום אריינגעפּאַסט דעם „סענק" אינ'ם צווייטען קלעצעל.

— אָט איהר זעהט — האָט דער פשיסכער מיט התלהבות אויס־געשריען צו זיינע מקורבים — אַזוי ארום דאַרף מען שליסען שלום, צווישען צוויי קריגערישע צדדים. ניט צו צווינגען דעם צד, וואָס איז איינגעשפּאַרט, אַן עקשן, ער זאָל אויסוואָרצלען דאָס עקשנות, זאָל דוקא זיך אונטערגעבען דעם צווייטען צד, נאָר טאַקע דער וויכערער

צד, דאַרף זיך אונטערגעבען, מאַכען פּלאַץ ביי זיך, אַז דער איינ־
געשפּאַרטער פאַרהאַרטעוועטער עקשן, וואָס איז פּונקט ווי דער „סענס"
אין האַלץ, זאָל זיך אין איהם אריינפּאַסען, און פּונקט ווי ביי די
צוויי קלעצלאַך האָלץ, פאַרפעסטיגט אזא צוזאַמענפּאַסונג דעם עקזיס־
טענץ פון בנין, דאָס זעלבע איז מיט אזא געשלאָסענעם שלום, פאַר־
בלייבט אויף אימער שטאַרק, האַרמאָניש און דויערהאַפט.

---

דער ראַזדאָלער רבי, ר' יודא צבי, איידער ער איז געוואָרען
אנערקענטער חסידישער רבי, איז אלס יונגערמאַן יום ולילה געזעסען
און געלערנט ש"ס ופּוסקים, האָט פאַרגעברייטעט זיך צו קריגען
היתר הוראה, ווערען רב. צוזאַמען מיט איהם, האָט געלערנט א
צווייטער יונגערמאַן, וועלכער האָט מיט זיין התנהגות אָנגעדייטעט אַז
ער גרייט זיך צו ווערען א רבי פון חסידים, האָט איינמאָהל דער
שפּעטערדיגער ראַזדאָלער רבי, געזאָגט צו דעם יונגענמאַן וואָס האָט
געפיהרט זיין דרך צו זיין רבי: —

— צווישען אונז ביידען זיינען פאַראַן כמה חילוקים, וואָס צו־
טיילען אונז, איזאָלירען אונזער התנהגות, ניט בלויז אלס יחידים
פאַר זיך אליין, נאָר אויך אין דער באַציהונג פון דער וועלט צו
אונזער צוקונפט לעבען.

א) איך מעג עפּענטליך, פריי פאַר דער גאַנצער וועלט זאָגען,
די כונה פון מיין זיצען און לערנען ש"ס ופּוסקים — דו אָבער,
טאָרסט לעת עתה פאַר קיינעם ניט זאָגען די כונה פון דיין דרך און
התנהגות.

ב) איך זיץ, לערן ש"ס ופּוסקים, מעג איך אלעמען זאָגען,
אַז איך גרייט זיך צו זיין מורה הוראה אין א שטעדטעל, צוליב
ווייליג האָב איך ניט קיין פּרנסה. — דו אָבער שטעהסט אויף איינ־
מיטען נאַכט, געהסט טבילה אין מקוה, פּראַוועסט חצות, זאָגסט זוהר,
איז ניט שעהן פאַר דיר צו זאָגען בפומבי, אַז דו האָסט ניט קיין
פּרנסה און גרייטסט זיך צו ווערען רבי.

ג) איך וויים באַשטימט ווען מיין ארבייט פאַרענדיגט זיך, אַז
איך וועל זיין בקי אין די ארבעה שלחן ערוכים — דו אָבער ווייסט
קיינמאָהל נישט, ווען דיין ארבייט וועט זיין פאַרענדיגט, ווייל ס'איז

דאך קיין שיעור און קיין סכום נישטא, אויב ריבשקייט איז אבהענגיג אין הונדערט מקואות, אדער טויזענט מקואות.

ד) אויף מיר געפינט זיך א מבין וואס זאל מיך פארהערען אין לערנען, אויב איך בין א בקי אין די ארבעה שלחן ערוכם — אויף דיר און דיין התנהגות איז אבער נישט בנמצא קיין מבין, ווייל רבישקייט און מדרגות זענען אבסטראקטע ענינים, זענען פארבונדען מיט סודות'דיגע און געהיימניספולע עולמות.

ה) איך דארף א שטאדט, — דו אבער, דארפסט די גאנצע וועלט.

ו) א שטאדט מיט שוטים זאלען מיך אויפנעהמען פאר זייער מורה־הוראה, מילא, וועט זיך ערגעץ געפינען — אבער אז די וועלט זאל זיין אזוי משוגע דיך אויפצונעהמען און אנערקענען פאר א רבי און „גוטער איד" איז א סברא רחוקה, וויט פון שכל.

ז) איך קאן אויך זיין רבי — דו אבער קיין רב קאנסטו קיינמאהל נישט זיין . . .

---

לעולם יהא אדם ירא שמים, בסתר ובגלוי, ומודה על האמת, ודובר אמת בלבבו. — אז א מענש באזיצט די אלע מעלות, האט דער פשיסכער געזאגט — פארמאגט אין זיך די אלע אייגענשאפטען, מעג ער אויפשטעהן פריהמארגען, תיכף זאגען — רבון כל העולמים.

---

דער רבי ר' בונם האט אמאהל געזאגט וועגען די צדיקים מתנגדים פון זיין צייט — זיי אלע ווייסען ניט, וואס עס מיינט זינד, זענען זיי צדיקים, זאלען זיי אבער האבען געווען אין דאנציג, צוזאמען מיט אלע דייטשען ווי איך בין געווען, און נאך דעם זיין צדיקים . . .

---

דער משמש ביים חידושי הרי"ם, האט א געוויסען פרייטאג צוגעבראכט דערלאנגט דעם רבין צום טיש א גרויסען קאפ־פיש, האט דער רבי געגעסען א שטיקעל פון קאפ־פיש, דאס איבעריגע איבערגעלאזט. צומארגענס, בסעודת שחרית, האט דער שמש דערלאנגט אויפ'ן טעלער דעם זעלבען קאפ־פיש, האט דער רבי טועם געווען א שטיקעל און דאס איבעריגע ווידער איבערגעלאזט. צו שלש סעודות, האט דער שמש ווידער דערלאנגט דעם רבין דעם זעלבען קאפ־פיש, האט דער

חידושי הרי״ם גענומען דעם טעלער מיט׳ן קאפ־פיש אין האנט, אנגע־
וויזען אויף איהם צו די ארומיגע טיש זיצענדע חסידים און אזוי
געזאגט:

— איהר זעהט דעם קאפ פיש, אויף איהם קאן מיט רעכט
געזאגט ווערען, — שחכמתו מרובה ממעשיו...

---

א חסיד האט אמאהל באקלאגט זיך פאר׳ן ווארקער רבין. היות,
ער איז א גביר, נאט האט איהם געבענשט מיט א גוט הארץ, צוטיילט
א סך געלד פאר צדקה, העלפט בעין־יפה יעדער פרעמדען ארימאן
וואס ווענדעט זיך צו איהם נאך שטיצע און זיין אייגענער פאטער
וועלכער נויטיגט זיך אין שטיצע, ליידט כמעט דחקות, דערלאזט איהם
ניט דאס הארץ ער זאל איהם ארויסהעלפען.

— דאס איז דערפאר — האט איהם דער ווארקער אבגעענט־
פערט — ווייל ס׳איז ראנגעגען די באשטימטע מענשליכע נאטור. דער
דרך הטבע איז, א פאטער זאל העלפען זיין זוהן, אבער ניט א זוהן
זאל העלפען זיין פאטער.

---

דער שינעווער רבי האט א מאהל שמועסענדיג וועגען ר׳ נפתלי
ראפשיצער געזאגט —אז די צדקות פון ר׳ נפתלי איז געווען אזוי
גרויס, אז ער האט געהאט דעם כוח משפיע צו זיין אין הימעל, אז
דער מלך המשיח זאל קומען נאך פאר דער באשטימטער צייט פון די
גאולה, נאר מען האט איהם פון הימעל געגעבען א ווינק, וואס האט
איהם געמאכט אין אלץ פארגעסען...

---

דער חידושי הרי״ם האט געזאגט, דער וואס מאכט זיין באשעפ־
טיגונג כסדר האלטען אין אבוואשען יענעמס בלאטע, שמירט זיך
אפט אליין אויס מיט דיזעלבע בלאטע...

---

דער סאכאטשיוווער רבי איז אמאל שפעט ביי נאכט אריינ־
געקומען אין בית־המדרש, האט ער באמערקט, א יונגערמאן זיצען
מיט אן אפענער גמרא ביים טיש, פארלייגטביידע הענט אויף דער
אפענער גמרא און שלאפט, האט דער סאכאטשיוווער מיט א שמייכעל
אזוי געזאגט:

— דער יונגערמאן וואס שלאפט אויף דער אפענער גמרא, האט ווייזט אוים געוואלט אויסגלייכען צוויי סתירות'דיגע מאמרי חז"ל אין דער גמרא. איין מאמר גמרא זאגט, די נאכט איז ניט באַשאפען געווארען נאר צום שלאפען. א צווייטער מאמר גמרא זאגט, אז די נאכט איז ניט באשאפען געווארען נאר צום לערנען. דער יונגערמאן — האט ער מיט'ן פינגער אנגעוויזען אויף'ן פארשלאפענעם יונגענמאן — איז שלאפענדיג אויף דער אפענער גמרא מקיים ביידע מאמרי חז"ל...

---

אן אלעקסאנדערער חסיד, וועמעס פרוי איז פלוצלינג שטארק קראנק געווארען, איז א פארצווייפעלטער געקומען צולויפען צום רבין, ער זאל בעטען אז זיין פרוי זאל האבען א רפואה שלמה.

— וואס מיינסטו — האט איהם דער אלעקסאנדערער רבי מיט רחמנות'דיגען פארדראס אבגעענטפערט — איך זאל בעטען דיין פרוי זאל האבען א רפואה שלמה, וואלט אמת געווען, וואס מענשען גלויבען וועגען מיר, אז איך בין ביכולת צו היילען אידישע קראנקע. גלויב מיר, אז איך וואלט אליין געפאהרען פון שטאדט צו שטאדט זיי צו קורירען. דאס איינציגע וואס איך קאן טאהן איז זאגען תהלים, אט האסטו א תהלים'ל און זאג דו תהלים.

---

ר' משה ליב סאסעווער, האט דאס מענשליכע לעבען אויף דער וועלט פארגליכען צו דעם שארף פון א מעסער — פון רעכטס און לינקס איז דער שאול, דער אבגרונד, אינמיטען איז דער דרך החיים.

---

די חז"ל זאגען, בשעה שתקן שלמה המלך עירובין, ונטילת ידים, יצאה בת־קול ואמרה אם חכם בני, ישמח לבי גם אני. — איז דאך קשה, האט דער איר הקדוש אויף זיין אייגענארטיגען אופן אויסגעטייטשט דעם מאמר אין דער גמרא — וואס פאר אן אויסערגעוועהנליכע חכמה אין לימוד, פאר די צוקונפטיגע דורות איז דאס פאראן אין מתקן זיין עירובין, ונטילת ידים, זענען זיי דען די הויפט עיקרים פון דער אידישער אמונה?...

מיר דארפען פארשטעהן, אויב א הימליש בת־קול האט באגריסט שלמה המלך פאר די צוויי תיקונים, האט שלמה המלך אודאי געהאט

א טיעפען רעיון אין זייער מתקן זיין. — „עירובין" איז פון לשון „מעורב", אויסמישען זיך, התחברות, חברשאפט, נטילת ידים, הייסט אָבוואַשען זיך און אַט דאָס האָט שלמה המלך מתקן געווען, אז מיר אידען זאָלען ביכולת זיין צו חברן, אויסמישען זיך מיט די פעלקער פון דער וועלט און אין איין רגע זאָל מען זיך פון זיי קאָנען אָבוואַשען, און אַט דאָס איז ניט בלויז א חכמה, נאָר אויך א לימוד לדור דורות.

---

ר' דוד לעלעווער האָט געזאָגט, אז קיין שלעכטער איד איז גאָר ניט בנמצא. אויב מיר זעהן דאָך א שלעכטען אידען, איז דאָס שלעכטס אין איהם ניט זיינס, נאָר פרעמדעס, וואָס האָט זיך אין איהם אריינגעכאַפּט געגען זיין רצון, אָבער א איד, א שלעכטער, איז גאָר ניט פאַראַן...

---

לעושה השמים בתבונה — האָט דער רבי ר' בונם מיט א שמייכעל געפרעגט — נו, מיט וואָס דען איז דער הימעל געמאַכט געוואָרען מיט א פאָדים און נאָדעל?...

---

דער אַלעקסאַנדערער רבי האָט איינמאָל דערצעהלט, אז פאַהרענדיג אונטערוועגענס איז איהם אויסגעקומען איבערצונעכטיגען א נאַכט ביי א ישובניק, האָט איהם דער ישובניק געבעטען, היות, ער האָט א זוהן א גמרא בחור זאָל ער איהם פאַרהערען וואָס ער קאָן.

האָב איך צוגערופען דעם ישובניק'ס גמרא בחור — האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי דערצעהלט — און האָט איהם געפרעגט.

— וועלכע גמרא לערנסטו, בחור'ל?

— ביצה! — האָט דער גמרא בחור דרייסט געענטפערט און האָט תיכף ארויפגעלייגט אויפ'ן טיש די גמרא.

דער גמרא בחור, משמעות וועלענדיג ווייזען מיר, אז ער איז א וואוילקענער, האָט גאוה'דיג אליין געעפענט די גמרא און האָט זיך גלייך צוזונגען מיט א גראָבען גמרא ניגון — ביצה, שנולדה ביום טוב, בית שמאי אומרים תאכל, ובית הלל אומרים לא תאכל.

האָב איך פאַרשטאַנען אז דאָס איז די ארבייט פון א קלוגען גמרא מלמד, האָב איך דעם גמרא בחור אויף טשיקאַווען א פרעג

געטאָן, זאָג מיר, בחור׳ל, כ׳בעט דיך, וואָס טוט הלל מיט דעם איי וואָס ער הייסט נישט עסען?

אויפ׳ן מאָמענט האָט דאָס בחור׳ל זיך ווי פאַרלאָרען, איז געבליבען אין א פאַרלעגענהייט, ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך און מיר געגעבען אזא ענטפער.

— ווען הלל איז דאָ אין שטוב, עסט מען ניט דאָס איי, אז הלל פאָהרט אוועק, עסט מען דאָס איי...

---

א מאכל וואָס מען עסט און מ׳האָט דערפון ניט קיין הנאה — האָט דער קאזשניצער מגיד געזאָגט — טאָר מען ניט זאָגען, ס׳טויג נישט, נאָר מ׳דארף זאָגען, אויף דעם עסען בין איך ניט קיין מבין, ווייל עסען פונקט ווי מענשען, טאָר מען ניט מבזה זיין.

---

— פון מענשליכען הארץ ביז דעם מענשענס מויל, איז אזוי וויט, — האָט דער רבי ר׳ בונם געזאָגט — ווי פון הימעל ביז די ערד.

---

אין ענין עבודת הבורא — האָט דער רבי ר׳ בער געזאָגט — דארף א מענש זיך אָבלערנען דריי זאכען פון א קינד און זיבען זאכען פון א גנב.

פון א קינד: א) איז תמיד פרייליך. ב) זיצט קיין רגע נישט ליידיג. ג) וויינט פאר יעדער זאך וואָס עס וויל.

פון א גנב: א) באשעפטיגט זיך בלויז ביינאכט. ב) געלינגט איהם ניט איין נאכט, ווערט ער ניט ענטמוטיגט, פרואווט ער די צווייטע נאכט. ג) ער איז זיך מוסר נפש פאר דער קלענסטער זאך. ד) דאָס ווערטפולסטע גנב׳ישע ארטיקעל האָט ביי איהם א קליינע ווערט, ער פארקויפט דאָס פאר׳ן נישטיגסטען פרייז. ה) איז תמיד גרייט מקבל צו זיין קלעפ, פייניגונגען און פארשווארצט צו ווערען. ו) ס׳הערשט צווישען זיי אחדות, חברשאפט, ליעבשאפט, איבערגעבענהייט. ז) ליעבען זייער פאך, זייער מלאכה געפעלט זיי, איז א שטיק פון זייער אייגענעם איך, קענען ניט און ווילען ניט זייער באשעפטיגונג איבערבייטען.

הבוחר בשירי זמרה — האָט דער רבי ר׳ בונם געטייטשט — מיינט דעם אמת ערליכען חסיד, הגם ער איז אַן עובד ד׳, עוסק בתורה ועבודה, טראַכט ער פון דעסטוועגען תמיד ביי זיך אין הארץ, אַז ער דערפילט נאָך אַלץ נישט זיינע התחייבותן אין דינען דעם אויבערשטען און אין זיין הארץ איז נאָך שטענדיג פאַראַן פּלאַץ צו זאָגען הלל וזמרה פאַר׳ן מלך יחיד אל חי העולמים...

---

— סור מרע—האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי געטייטשט—געה אַוועק פון שלעכטן. פאַרגעס, מעק אויס פון דיין מחשבה דאָס שלעכטס וואָס דו האָסט אָבגעטאָהן — ועשה טוב, מיט דעם וואָס דו וועסט אָנהויבען גוטס טאָהן, וועט דאָס שלעכטס ממילא בטל ווערען.

---

חצות לילה אקום להודות לך — האָט דער רבי ר׳ בונם געטייטשט אויף זיך — אַז ער איז תמיד מוכן ומזומן, אפילו אינמיטען נאַכט אויפצושטעהן דינען דעם אויבערשטען, גלייך ווי איינער וואָס איז תמיד גרייט אפילו אינמיטען נאַכט אויפצושטעהן און טאָהן אַ טרונק בראַנפען מיט זיין פריינד.

---

כידוע פלעגט דער בערדיטשעווער אויסנוצען יעדע זאַך און די מינדסטע געלעגענהייט וואָס איז איהם געקומען אונטער׳ן האַנט, בולט׳ער ארויסצוברענגען דעם חילוק און גרויסען קאָנטראַסט פון דאָס לעבען פון דאָס אידישע פאָלק און די אומות העולם, כדי שפּעטער פאַרצולייגען זיינע טענות פאַר׳ן רבונו של עולם, מלמד־זכות צו זיין אויף די אידען.

איינמאָהל אינמיטען נאַכט האָט דער בערדיטשעווער אויפגעוועקט דעם משמש זיינעם, האָט איהם געהייסען מיט זיך נעהמען אַ פלאַש בראַנפען, איז אוועקגעגאַנגען מיט איהם אין שטאָדטישען הקדש, וואו ס׳זענען געשלאָפען די וואַנדערענדע ארימעלייט, האָט אויפגעוועקט איין אָרימאַן און האָט איהם געפרעגט:

— וועט איהר אפשר טרינקען אביסעל בראַנפען?

— מיט׳ן גרעסטען פאַרגעניגען וועל איך טרינקען! — האָט איהם דער אָרימאַן אויסווישענדיג מיט די הענט זיינע פאַרשלאָפענע אויגען געענטפערט.

— געפינט זיך דאָ ערגעץ וואסער אָבצוגיסען די הענט? — האָט איהם דער בערדיטשעווער א פרעג געגעבען.

— דאָ געפינט זיך טאַקע ניט קיין וואסער אָבצוגיסען די הענט — האָט דער אָרימאַן געענטפערט — אויב איהר ווילט זיין אזוי גוט, באהאלט מיר דעם טרונק בראנפען פאר מאָרגען פריה, אומגע־וואשען, וויל איך ניט טרינקען.

איז דער בערדיטשעווער צוגעגאנגען צום גוי'ישען סטרוזש פון הקדש, האָט איהם געלאָסען אויפגעוועקט, געפרעגט איהם:

— פאוולי, ווי עסט טרינקען א גלעזעל בראנפען

— וואו איז דער בראנפען? — האָט פאוולי שנעל געפרעגט.

דער בערדיטשעווער האָט אָנגעגאָסען א גלעזעל בראָנפען. איידער דער בערדיטשעווער האָט צייט געהאַט זיך אומצוקוקען האָט פאוולי פארשלונגען דאָס גלעזעל בראנפען.

האָט דער בערדיטשעווער אויפגעהויבעןביידע הענט צום הימעל און מיט הארץ און געבעט אויסגעשריען:

— רבונו של עולם! זעה נאָר דעם חילוק פון דיינע קינדער צו די קינדער פון אנדערע פעלקער.

---

דער רבי ר' בונם האָט געזאָגט, — דער וואָס פארנעהמט ניט קיין אָרט, האָט שטענדיג אַן אָרט.

---

דעם באַקאנטען מאמר חז"ל, אם הראשונים כמלאכים, אנו כבני אדם האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי געטייטשט — די וואָס פאר־שטעהן לויט זייער שכל, אז די ראשונים זענען געווען כמלאכים איז דאָס א סימן, אז זיי אליין זענען מענשען. די משכילים אָבער וואָס גיבען צו פארשטעהן מיט זייער שכל, אז די ראשונים זענען געווען פשוטע מענשען, זענען זיי אליין, אודאי כחמורים...

---

א חסיד האָט א מאָהל געבעטען דעם פאַריסעווער רבין אַן עצה געגען גאוות.

— מען ווייסט ניט צי דאָס איז גאָר פאראן אויף דער וועלט, מען האָט דאָס לחלוטין ניט במחשבה — אָט דאָס איז די איינציגע עצה, האָט איהם דער פאריסעווער רבי געענטפערט.

— דערפאר האָט די תורה ניט געשריבען קיין איסור אויף קמצנות—האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי געזאָגט—ווייל קמצנות איז אזא מיאוסע מידה און א שטרויכלונג צו אַלע מצות פון דער תורה, אז די תורה האָט דאָס אפילו ניט געוואָלט ארייַנשרייבען פאר קיין לאַ תעשה.

---

כידוע זענען די באציהונגען פון ר' מענדעל קאָצקער צו זיינע חסידים געווען אויסערגעוועהנליך שטרענג, זיין התנהגות איז ביז היינט, אפילו צווישען חסידים פארבליבען א גרויס רעטעניש. האָט איינמאָל פּאסירט, וואָס צום קאָצקער איז געקומען א רב, האָט דער קאָצקער איהם אויפגענומען העכסט גאַסטפריינדליך, געשמועסט מיט איהם א שטיקעל צייט און האָט איהם איינגעלאַדען ער זאָל מיט איהם צוזאַמען עסען ביים טיש.

פאַרשטעהט זיך, אז דאָס איז געווען א פלא גדול פאר די חסידים. אזא נאָהנטע התקרבות פון זייער רבין צו א חסיד, מעג ער אפילו זיין א רב האָבען זיי ניט געזעהן, ובפרט אז דער רב האָט נאָר ניט נע'שמ'ט פאר אזא חשוב'ן קאָצקער חסיד אדער גדול בתורה, האָט איינער פון די נאָהנטע מקורבים געפרעגט דעם רבין וועגען דעם גרויסען כיבוד וואָס ער האָט צוגעטיילט דעם וועניג באַקאַנטען רב.

— וואָס פאַרשטעהסטו נישט — האָט איהם דער קאָצקער געענטפערט — דער רב איז א גרויסער שוטה, ער האַלט פון זיך א סך, ער רעכענט, דאָס וואָס ער איז מיין חסיד איז פאַר מיר א כיבוד, האָב איך דעם שוטה נאָכגעגעבען זיין שטות. איך האָב איהם געגעבען אזא גאַסטפריינדליכען קבלת פנים, ווייל וויסען זאָלט איהר, אז א נאַר נאָכצוגעבען זיין שטות, איז אויך א גמילות חסד...

---

א מתנגד האָט אמאָהל געפרעגט דעם רבין ר' בונם — פאַר־וואָס דאַוועגט איהר ניט בהשכמה, די צייט פון דאַוועגען, נאָר דאַ־וועגט שטענדיג שפּעטער פון אַלעמען?

— ווייל ס'זיינען פאַראַן איברים ביים מענשען — האָט איהם דער רבי ר' בונם געענטפערט — אפילו ווען דער מענש איז וואַך שלאָפען זיי נאָך, אזוי ווי אַלע איברים ביים מענשען זיינען מחויב

צו דאַנקען און לויבען דעם אויבערשטען, ווי דער פּסוק זאָגט, — כל עצמותי תאמרנה ד׳ מי כמוך, לכן דאַרף מען וואַרטען ביז אַלע אברים וועלען אויפשטעהן פון שלאָף, דעריבער דאַווען איך שפּעטער, כדי אַלע אברים מיינע זאָלען זיין וואַך און קענען צוזאַמען זאָגען — ד׳ מי כמוך!

---

דער בערדיטשעווער איז איינמאָהל נאָכ׳ן דאַווענען די שטילע שמונה עשרה אין זיין בית־המדרש צוגעגאַנגען צו עטליכע בעלי־בתים און זיי געגעבען אַ ברייטען שלום עליכם.

— פאַר וואָס רבי גיט איהר אונז שלום עליכם? זענען די בעלי־בתים נתפּעל געוואָרען פון בערדיטשעווער׳ס מאָדנע התנהגות.

— וואָס וואונדערט איהר זיך אזוי? — האָט זיי דער בערדיטשעווער מיט אַ גוטמוטיגען שמייכעל אָבגעענטפערט — ווען איהר האָט געדאַווענט די שטילע שמונה־עשרה, האָט יעדער איינער פון אייך געהאַט אין מחשבה זיין מסחר און יעדערער איז געפאָהרען אין אַנדערע שטעדט האַנדלען, אַז איהר האָט אָבגעדאַווענט די שטילע שמונה־עשרה, זענט איהר דאָך צוריקגעקומען פון די פרעמדע שטעדט אין בית־המדרש אריין, דעריבער גיב איך אייך אַזאַ ברייטען שלום עליכם.

---

שמועסענדיג אַ מאָהל מיט זיינע חסידים וועגען דעם כוח פון יצר הרע, האָט דער רבי ר׳ בונם געזאָגט, אַז אַ מענש דאַרף תמיד אין זיינע געדאַנקען זיך פאָרשטעלען ווי איינער שטעהט מיט אַ האַק אין האַנט גרייט איהם אָבצוהאַקען זיין קאָפּ, און אַז אַ מענש האָט דאָס ניט אין רעיון איז דאָס אַ סימן, אַז זיין קאָפּ איז שוין אַן אָבגעהאַקטער...

---

ווען דער רבונו של עולם האָט משה רבינו געוויזען, דור ודור ודורשיו, דור ודור ושופטיו, האָט ער דערפאַר געוויזען פריער דעם דור ערשט דערנאָך דעם שופט, דעם מנהיג — האָט ר׳ נפתלי ראָפּשיצער דערקלערט דעם מאמר אין מדרש — ווייל ווען דער רבש״ע וואָלט געוויזען משה רבינו, אַז אויך נפתלי פון ראָפּשיץ איז אַ רבי, וואָלט משה באַלד אוועקגעחלש׳ט, ער וואָלט אויסגעשריען

— אָט־אָ־דער נפתלי, א רבי, א מנהיג ביי אידען, האָט איהם דערי־בער דער רבש"ע פריער געוויזען דעם דור אין אזא דור, קאָן אפילו נפתלי זיין רבי. — אזא דור אזעלכע מנהיגים...

---

די פרוי פון ר' ישעיה'לע פראַגער האָט גע'שמ'ט פאר זייער א שלעכטע זי פלעגט ר' ישעיה'לען פארביטערען זיין לעבען. ווען ר' ישעיה'לע איז געזעסען ארומגערינגעלט מיט חסידים איז זי אונ־דערוואַרטעט אריינגעקומען, באליידיגט איהם, מבייש געווען, זידעלט און געשאָלטען איהם באחד הריקים און ר' ישעיה'לע האָט איהר קיינ־מאָל קיין שלעכט וואָרט ניט אָבגעענטפערט.ווען זי האָט איהם געשאָל־טען און באליידיגט איז ער שטיל שווייגענדיג געזעסען מיט אן ארונ־טערגעלאָזטען קאָפּ, האָט געשוויגען ווי א שולדיג קינד.

האָבען דאָס ר' ישעיה'לעס מקורבים ניט געקאָנט סובל זיין. יעדעס מאָהל, ווען די רביצין איז ווי א שטורם אומגעריכט אריינ־געקומען, האָט געעפענט דאָס מויל אויסצוגיסען א מבול קללות און זלזולים אויף ר' ישעיה'לעס קאָפּ, פלעגען די מקורבים באהאלטען די פּנימער פאר בושה; ביז זייער גערולד האָט געפּלאַצט, זיי האָבען זיך אָנגענומען מיט דרייסטקייט און געפרעגט ר' ישעיה'לען.

— פארוואָס דערלאָזט איהר אזא עפענטליכען חלול השם, די רביצי'ן זאָל אייך בפומבי אזוי מבייש זיין, מיר קענען דאָס מעהר ניט דולדען. דער רביצנ'ס עפענטליכע סקאַנדאַלען שעדיגען ניט בלויז דעם רבינ'ס פּרעסטיזש, נאָר זיינען אויך א פּחיתת־הכבוד פאר דער גאנצער פּראַגער קהלה — פארוואָס שווייגט איהר, וואָלט איהר געגעבען די רביצ'ן איינמאָהל, א צווייטען מאָהל א שטאַרקע נזיפה, וואָלט זי אויסגעמידען די מיאוסע עפענטליכע סקאַנדאַלען...

— איך קען זיך ניט העלפען, אזוי איז דער גזר מן השמים, אזוי איז דעם אויבערשטענ'ס רצון. געגען פּסק פון אויבערשטען ווער קאָן זיך אנטקעגען שטעלען. — די רביצ'ן איז איינע פון די פיר הונדערט — האָט זיי ר' ישעיה'לע א פּאַרזאַרגטער אָבגעענטפערט.

זענען די מקורבים צודרינגליך צוגעשטאַנען צו ר' ישעיה'לע, ער זאָל זיי דייטליכער אויפקלערען, די באדייטונג פון זיין תשובה הויפּטזעכליך וואָס הייסט די רביצ'ן איז איינע פון די פיר הונדערט.

האָט ר׳ ישעיה׳לע פאַרטראַכט זיך א ווײַלע, און זיי אַזוי אָפּגעענטפערט.

אין דער גמרא גיטין ווערט דערצעהלט, ווען טיטוס הרשע, ימח שמו, האָט מיט פייער און שווערד חרוב געמאַכט אונזער הייליג לאַנד ארץ ישראל, האָט ווי הילפלאָזע שעפּסעלאַך אויסגעשאָכטען די בני ציון היקרים, האָט ער געפאַנגען פיר הונדערט יונגע אידישע קינדער זכרים מיט נקבות, האָט זיי אַרויפגעזעצט אויף א שיף, געפיהרט די שיף אינמיטען ים, פאַהרענדיג האָבען די אידישע קינדער פאַרשטאַנען, אַז דער רשע פיהרט זיי צו א שענדליך לעבען, האָבען די קינדער געפרעגט איינער דעם צווייטען:

— אויב מיר וועלען זיך דערטרינקען, וועלען מיר האָבען א חלק לעולם הבא? האָט זיי דער עלטסטער געענטפערט: אַז גאָט זאָגט „מבשן אשיב", די דערטרונקענע פון די טיעפסטע טיעפענישען פון ים, וועל איך צוריק קערען צו געבען זיי זייער חלק לעולם הבא.

ווי די מיידלאַך האָבען געהערט דעם ענטפער, זענען זיי מאָמענטאַל מיט געשלאָסענע הענט איינע מיט די צווייטע אַריינגעשפּרונגען אין ברויזענדען ים, האָבען די אינגלאַך געלערנט א קל־וחומר. מה־דאָך, די נקבות וואָס זענען ניט געבאָטען געוואָרען אָבצוהיטען די תורה און מצות האָבען מקדש השם געווען מכל שכן, מיר זכרים וואָס זענען מחויב אָבצוהיטען די תורה און מצות, דאַרפען אודאי גרייט זיין זיך מקריב צו זיין על קידוש השם. האָבען די זכרים נאָכגעפאָלגט די נקבות, זענען אַריינגעשפּרונגען אין ים — אַזוי דערצעהלט די גמרא אין גיטין.

אַז די מיידלאַך זענען געקומען אויפ׳ן עולם העליון, האָט מען זיי גלייך געהייסען פיהרען אין גן־עדן אריין, האָבען זיי פאַרדראָסיג אָבגעזאָגט זיך פון גן־עדן — דאָס גן־עדן, האָבען זיי גע׳טענה׳ט איז פאַר אונז ניט גענוג, מיר האָבען אַרויסגעוויזען גרעסערען קידוש השם ווי די זכרים, מיר זענען פריער פאַר די זכרים געשפּרונגען אין ברויזענדען ים, ווילען מיר עפּעס גרעסערס ווי זיצען אין גן־עדן.

האָט זיי דאָס בית־דין אויפ׳ן עולם העליון געפרעגט — וואָס דען איז אייער רָצון? האָבען זיי צוזאַמען אַזוי דעם בית־דין אָבגעענטפערט:

— אזוי ווי אין גאָט'ס תורה שטעהט געשריבען והוא ימשול בה — דער מאַן זאָל זיין דער הערשער און געוועלטיגער איבער דער פרוי, ווילען מיר דעריבער נאָך אמאָל געבוירען ווערען, חתונה האָבען, און מיר ווילען זיין די הערשער און געוועלטיגער פון אונזערע מענער.

איז דאָס בית דין פון עולם העליון שטארק נתפעל געוואָרען פון זייער בקשה און האָבען די מיידלאך אזוי אבגעענטפערט:

— צו ענדערען א פסוק אין דער תורה, ובפרט צום פארקערטען, קאָן בלויז דער אויבערשטער אליין, וועלען מיר דעריבער זיך אָנפרעגען וועגען דעם משפט ביי גאָט.

דעם אויבערשטענס ענטפער איז געווען — אז די מיידלאך זאָל נאָכגעגעבען ווערען זייער פארלאַנג, זאָלען נאָך א מאָהל געבוירען ווערען, זאָלען חתונה האָבען, הערשען און געוועלטיגען איבער זייערע מענער, און מיין רביצ'ן איז איינע פון יענע פיר הונדערט...

איצט פארשטעהט איהר — האָט ר' ישעיה'לע פארענדיגט — פאר וואָס די רביצ'ן האָט הנאה מיך צו זידלען און עפענטליך מבייש זיין, זי איז איינע פון יענע קינדער וואָס דוד המלך האָט געבעטען אין תהלים:

—על זאת יתפלל כל חסיד אליך. אויף דעם דאָזיגען זאָל בעטען יעדער חסיד צו גאָט, לעת מצוא (מצא אשה, מצא טוב...) אין צייט ווען ער וועט נעהמען א פרוי, לשטף מים רבים — אז איינע פון יענע פיר הונדערט פון די פארפלייצטע אין וואסער, אליו לא יגיעו — זאָלען איהם ניט גרייכען, ער זאָל זי ניט קריגען פאר זיין פרוי — מיין פרוי איז איינע פון יענע פיר הונדערט...

---

— בלויז דריי זאכען פאַרלאַנג איך פון אייך — האָט דער קאָצקער א מאָהל געזאָגט צו די חסידים זיינע — פון זיך ניט ארויס־צו קוקען, אין יענעם נישט אריין צו קוקען, און זיך ניט אין זינען צו האָבען.

---

א יונגערמאַן איז דאָס ערשטע מאָהל געפאָהרען אויף א שבת צו ר' הירש מלך דינובער. מוצאי שבת איז דעם יונגנמאַן אויס־געקומען צו זיצען אונטער די פלייצעס פון רבי'ן שמועסענדיג שטיל

מיט א חסיד וואס איז ניט ווייט פון איהם געזעסען, האט דער יונ־גערמאן אביסעל אן ענטוישטער געזאגט צום צווייטען חסיד.

— איך בין דא געוועז שבת, איך וויים ניט מיט וואס איך פאהר אהיים.

— ווארט צו יונגערמאן — האט דער דינובער שנעל אומגע־קעהרט זיין פנים און געזאגט צום יונגנמאן — דאגה נישט, אין דער היים וועסטו דאס דערפיהלען...

---

דער קאצקער האט א מאהל געפרעגט א חסיד, — האסטו א מאהל געזעהן א לעבעדיגען וואלף?

— איך האב געזעהן.

— האסטו פאר איהם מורא געהאט?

— נו, אודאי, האב איך מורא געהאט.

— בשעת דו האסט מורא געהאט, האסטו געוואוסט אז דו האסט מורא?

— ניין, פון גרוים שרעק האב איך לגמרי ניט געטראכט וועגען מורא.

— אט אזוי — האט דער קאצקער געזאגט צום חסיד — דארף זיין אמת'ער יראת שמים, מורא האבען פאר'ן רבונו של עולם, און גאר ניט וויסען און פיהלען אז מען האט מורא...

---

א חסיד האט אמאל געפרעגט דעם פשיסכער: די חכמים זאגען, „האומר שלי שלך, ושלך שלי, עם הארץ" — פאר וואס איז דער וואס זאגט אזוי אן עם־הארץ?

— בידוע — האט איהם דער פשיסכער געענטפערט — יראת שמים, פרומקייט, איז די אויסשליסליכע בחירה אין רצון פון מענ־שען. עשירות, רייכקייט, ווערט געגעבען פון אויבערשטען, איז אט דאס די כונה פון די חכמים — „האומר" דער וואס זאגט „שלי", יראת שמים, פרומקייט, וואס איז אבהענגיג אין מענשענס התנהגות, זיין איינענער הנהגה, איז „שלך", פון גאט, ווערט פון אויבערשטען צום מענשען צוגעטיילט, אז גאט וויל איז דער מענש פרום — „ושלך" עשירות, רייכטום, וואס ליגט אין גאטס האנד, זאגט דער מענש, אז דאס איז „שלי", איך האב זיך ארויפגעארבייט, פון מיין

פראַצע, פון מיין האַרוואַניע, פון מיין ארבייט און חכמה האָב איך דערוואָרבען מיין עשירות — כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל זה, אַזאַ מענש איז אַן עם־הארץ...

---

דרך ארץ קדמה לתורה — האָט דער קאָצקער רבי געזאָגט — אַזוי ווי דורך דער הקדמה פון א ספר, קריגט מען א באגריף וועגען תוכן פון ספר, אַזוי איז קענטיג פון דרך־ארץ אין התנהגות פון מענ־שען דעם מהות און תוכן פון זיין תורה.

---

יגיע כפיך, כי תאכל, אשריך וטוב לך—האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי געטייטשט — אז א מענש ארבייט, איז באַשעפטיגט ביי זיין גשמיות'דיגע מלאכה, בלויז מיט די הענט, זיין קאָפּ, זיינע מחשבות זענען פארנומען מיט העכערע גייסטיגע רעיונות — די הענט אר־בייטען, דער קאָפּ איז אין הימעל, אַזאַ מענש — אשרי וטוב לו...

---

דער דינובער האָט געזאָגט — דער מלאך המות איז פול מיט אויגען, וויפיעל אויגען דאַרף א מענש האָבען זיך צו באַשיצען פון איהם?...

---

א חסיד האָט אמאָהל געקלאָגט זיך פאר'ן קאָצקער — אז ער האָט גרויס דאגת הפרנסה, זיין בני בית ליידט דחקות.

— בעט צום רבונו של עולם, ער זאָל דיר העלפען, וועט ער אודאי אויף דיר און דיין בני בית רחמנות האָבען.

— איך ווייס אָבער נישט ווי אַזוי צו בעטען פאר'ן בורא כל עולמים.

— נו, אויב אַזוי — האָט איהם דער קאָצקער כלאחר־יד געענט־פערט — האָסטו דאָך גרעסערע דאגות, ווי דאגות פרנסה, דו ווייסט ניט ווי אַזוי צו דאַווענען...

---

— די צייט פון עסען — האָט דער קאָצקער געזאָגט — זענען די יוגענד יאָהרען. די צייט פון שלאָפען איז אין קבר, און דאָס וואָס

די וועלט רופט עצבות, אומטעטיגקייט, מרה שחורה און איך רוף דאָס פריקות עול, האָט אין ערגעץ קיין אָרט נישט.

---

כי בשמחה תצאו — האָט דער פּשיסכער געזאָגט — ווען אַ מענש איז בשמחה, פריילין, האָפענונגספול, איז ער ביכולת אַרויס־צוגעהן פון אַלע דאגות און צרות.

---

השמים שמים, די הימלען זענען דאָך הימעלדיגע — האָט דער פשיסכער געזאָגט — והארץ נתן לבני האדם — די ערד איז געגעבען געוואָרען צו מענשען צו מאַכען הימעלדיג.

---

— פון וואַנען ווייסט איהר — האָט מען אַ מאָהל געפרעגט דעם קאָצקער — צו געבען עצות אין געשעפטליכע און וועלטליכע ענינים, ווען איהר אַליין זייט אַ פּרוש, דאָס עולם־הזה׳דיגע לעבען, איז אייך לחלוטין פרעמד?

— טאַקע דערפאַר ווייס איך — האָט דער קאָצקער אָבגעענט־פערט. — אָט דאָס איז דער דרך פון געניטען באָאָבאַכטער. דער וואָס איז אין דרויסען, מבחוץ פון אַ געגענשטאַנד, האָט תמיד בעסערע מעגליכקייטען צו באַטראַכטען דאָס אַרטיקעל אָדער געגענ־שטאַנד, ווי דער וואָס איז אינעווייניג אינ׳ם געגענשטאַנד. אַזוי ווי איך בין טאַקע מחוץ, אויסער דאָס עולם הזה׳דיגע לעבען, קאָן איך דעריבער בעסער אַריינבליקען און באָאָבאַכטען אינ׳ם לעבען פון דער וועלט.

---

חסידים האָבען אַמאָל דערצעהלט דעם קאָצקער, אַז מ׳האָט דערפונדען אַ מאַשין אָנצעווואַרימען מקואות.

— הייסע דורות דאַרפען הייסע מקואות — האָט דער קאָצקער געענטפערט.

---

אַמאָל בשעת חדוה, האָט דער פשיסכער דערצעהלט — ווען איך בין געוועזען אַ יונגערמאַן, האָב איך מיר געטייטשט — אני בינה, לי גבורה, אַז איך פאַרשטעה בין איך מיר שאַרף...

— רצון יראיו יעשה — דער רבש"ע האָט באַשאַפען דעם רצון, דער מענש דאַרף וועלען דעם רצון — האָט דער פשיסכער געזאָגט.

---

א איד, אן עושר, איז אַמאָל געקומען צום גאָסטינינער, געגעבען איהם א קוויטעל מיט א נישקשה'דיגען פדיון, האָט דער גאָסטינינער איבערגעלייענט דאָס קוויטעל, צוריקגעגעבען דעם עושר דעם גרויסען פדיון און געהייסען איהם אריינוואַרפען עטליכע מטבעות פאַר ר' מאיר בעל הנס. דער עושר האָט אָבער שטאַרק אָנגעהויבען בעטען דעם גאָסטינינער ער זאָל ביי איהם צונעמען דעם פדיון, האָט איהם דער גאָסטינינער געפרעגט:

— ביסטו עפּעס א בעל חוב, ביסטו שולדיג אידען געלד?

— אודאי, רבי, האָט דער עושר געענטפערט — מסחר, קאָן אַנדערש ניט געפיהרט ווערען.

— באַם אזוי, זאָגט אונז דער פסוק, בפרוע פרעות בישראל — אז דו ביסט שולדיג אידען געלד, זאָלסטו פריער באַצאָלען, ערשט נאָך דעם, דו וועסט באַצאָלען דיינע חובות — בהתנדב עם, ווערסטו זיין א גוטער און געבען נדבות...

---

דער חידושי הרי"ם איז איינמאָל שבת פריה אריינגעקומען אין בית־המדרש, האָט ער געטראָפען חסידים זיצען און לערנען פאַר'ן דאַווענען. האָט ער געזאָגט צו זיי:

— אויב איהר לערענט בכונה, לשמה, כדי מקיים צו זיין, ומלתם את ערלת לבבכם, מעגט איהר לערנען פאַר'ן דאַווענען, ווייל מילה איז דוחה שבת. אויב איהר לערענט, שלא לשמה, שלא בכונה, נאָר כדי צו ווייזען, אז איהר זיצט און לערענט, איז גלייכער איהר זאָלט דאַווענען שבת בהשכמה, אהיים געהן עסען סעודת שבת און בעסער מקיים זיין די מצוה פון עונג שבת...

---

דאָס וואָס די חז"ל זאָגען — האָט דער פשיסכער געזאָגט — אז א מענש דאַרף עסען פת־שחרית, מיינט ווירקלאָך צו לערנען אין פריהמאָרגען א בלעטעל גמרא. דאָס וואָרט „פת" באַטרעפט דאָס וואָרט „תלמוד" — 480.

# ווען ראש-השנה און יום-כפור

יום כפור, בעת דער הפסקה צווישען מוסף און מנחה, האָט א חסיד געפרעגט ביי ר' אברהמעלע סאָכאָטשאָווער: ווי אזוי מעגען מיר זאָגען די ברכה, ומעביר אשמותינו בכל שנה ושנה בשם ומלכות, מיט וואָס זיינען מיר דאָס אזוי בטוח, אז דער אויבער־שטער וועט דאָס יאָהר מוחל זיין אונזערע עבירות, טאָמער נישט, מאכען מיר דאָך א ברכה לבטלה ?...

האָט דער סאָכאָטשאָווער פארטראכט זיך א ווייל̇ע און האָט דעם חסיד אזוי געענטפערט:

ווען איך האָב אלס קינד געלערנט אין חדר געדענק איך, האָט אמאָל א נגידיש קינד מיט־געבראַכט אין חדר אריין עטליכע גוטע צוקער־לעקעכלאך, מיט אונזערע קינדערשע אפעטיטען, זיינען מיר חדר־קינדער, באפאלען איהם, יעדער באזונדער האָט געבעטען א שטיקעל קיכעל אָדער עטליכע גיסלאך. דאָס נגידישע קינד, ווי דער שטייגער פון רייכע קינדער וואָס זיינען באלד פון קליינוויים קמצניש האָט קיין ברעקעל קיכעל נישט געוואָלט געבען, איז איין חדר־אינגעל, א כוואט געפאלען אויף אזא המצאה. ער האָט גלייך פאר די אויגען פון נגידישען אינגעל הויך אויפ'ן קול געמאכט א ברכה, בורא מיני מזונות, דאָס רייכע קמצנישע אינגעל האָט טאקע שטארק פאר־דראָסען, ער האָט זיך אבער מעהר ניט געקאָנט העלפען, ער האָט געמוזט אָפברעכען א שטיקעל פון קיכעל און געבען דעם כוואטסקע אינגעל, כדי די ברכה זאָל ניט זיין א ברכה לבטלה . . .

און אָט דאָס זעלבע איז מיט אונז אידען — האָט דער סאכא־טשאָווער פארענדיגט — מיר מאכען די ברכה, ומעביר אשמותינו בכל שנה ושנה בשם ומלכות, דעם רבונו של עולם פארדריסט טאקע אויף אונזערע עבירות, ער מוז אָבער מוחל זיין אונזערע זינד, כדי

אונזער ברכה וואָס מיר האָבען געמאַכט, זאָל ניט זיין א ברכה לבטלה . . .

---

מ'האָט אמאָל געפרעגט דעם רבין ר' בונם: די חז"ל זאָגען „שערי דמעות לא ננעלו", אז די טויערען פון טרערען אין הימעל וועלען קיינמאָל נישט פארשלאָסען, צו וואָס דאַרף מען זיי אינגאַנצען האָבען?

— מ'דאַרף זיי האָבען — האָט דער רבי ר' בונם געענטפערט — צו פארשליסען אז אין הימעל זאָל זיך ניט ארויפכאַפּען קיין פאַלשע טרערען און אויסמישען זיך מיט די האַרציגע אמת'דיגע טרערען . . .

---

דער רבי ר' זושא איז אמאָל געגאַנגען אויפ'ן וועג, האָט איהם א פויער געבעטען ער זאָל איהם העלפען אויפשטעלען זיין וועגעלע מיט היי, וואָס איז איהם אויפ'ן וועג אומגעפאַלען.

— איך קאָן נישט! — האָט איהם דער רבי ר' זושא געענט־פערט.

— דו קאָנסט, נאָר דו ווילסט נישט! — האָט איהם דער פויער א ברוגז'ער געענטפערט. האָט דער רבי ר' זושא זיך צעוויינט און אויסגעשריען — ביזט גערעכט, רבונו של עולם, איך קאָן אויפ־שטעלען די „ה" פונ'ם שם, גרוים מאַכען דיין נאָמען, נאָר איך וויל נישט . . .

---

בידוע איז ר' לוי יצחק בארדיטשעווער געווען איינער פון די גרעסטע מליצי־יושר ביי אידען, וואָס האָט תמיד מלמד זכות געווען און געבעטען רחמים ביים אויבערשטען פאַר דאָס אידישע פאָלק. איינמאָל ראש־השנה פאַר'ן זאָגען די הויכע שמונה עשרה, האָט

דער באַרדיטשעווער בקול רם געזאָגט א באַזונדערע אייגען פאַר־פאַסטע תפילה.

— אני לוי יצחק מבארדיטשעוו באתי לפניך בתפלתי ובבקשתי, פרעגען דיך, רבונו של עולם — מה לך אצל ישראל, וואָס ווילסטו פון די אידען?

— „דבר״! צו וועמען רעדסטו? אל בני ישראל!
— „אמור״! צו וועמען זאָגסטו? אל בני ישראל!
— „צו״! צו וועמען געביטסטו? את בני ישראל!

— „כה תברכו״! וועמען הייסטו בענשען? את בני ישראל!
איבערחעם פרעג איך דיך, רבונו של עולם — מה לך אצל ישראל? וואָס ווילסטו פון די אידען? פאַרמאָגסטו דאָך אויף דער וועלט אזוי פיעל כשדים, פרסיים, ישמעאלים, מדינים, טאָ מה לך אצל ישראל? וואָס ווילסטו פון די אידען?

נאָר מוז זיין געדרונגען, אז חביבין ישראל שנקראו בנים למקום, ווי א געטרייער פאָטער האָסטו ליעב דיינע קינדער די אידען, דעריבער זאָג איך טאַקע מיט א ניגון:
— ברוך אתה ד׳...

---

דערפאַר איז א מנהג ראש־השנה ביינאַכט צו עסען א שטיקעל קאָפּ פון א שעפּסעל—האָט דער רבי ר׳ בונם געזאָגט—און זאָגען „יהי רצון שנהיה לראש״, ווייל די נוטריקון פון „לראש״ מאַכען לעשות רצון אבינו שבשמים.

---

דאָס וואָס די חז״ל זאָגען: ב׳ ימים טובים של ראש־השנה כיומא אריכתא דמיא, איז דערפאַר, ווייל אין דער תורה שטעהט, ובחודש השביעי „באחד״ לחודש, דאָרט וואו ס׳שטעהט „באחד״ — האָט דער חידושי הרי״ם דערקלערט — ניט „בראשון״ איז ניט שייך קיין צוויי.

דעם בערדיטשעווער׳ס ימים־נוראים׳דיגער דאווענען, זיינע טיעף דורכדרינגענדע הארץ־ברעכענדע תנועות זיינע הארציגע זיסע טראַדיציאָנעלע ניגונים און זיין אייגענארטיג פשוט, איינפאך אין דער אידישער שפראך, אויס׳טענה׳ן זיך מיט׳ן רבונו של עולם, וועט אייביג פארבלייבען אנציהענד, נשמה פארכאפענד, פאנגען די הערצער פון די אידישע פאָלקס־מאסען און וועט פון זייער זכרון קיינמאָל ניט אויסגעמעקט ווערען.

איינמאָל ראש־השנה בעת׳ן זאָגען די הויכע שמונה עשרה פון מוסף, ביים סוף זכרונות, האָט דער בערדיטשעווער אָפּגעשטעלט זיך ביי די פסוקים—וזכרתי אני את בריתי אתך בימי נעוריך, והקימותי לך ברית עולם, אז ער איז געקומען צו „ונאמר", האָט ער מיט מתיקות׳דיג יום־נוראים׳דיג, הארציג, נשמה׳דיגען נוסח אין דער אידישער שפראך אזוי געזאָגט:

— דער טאַטע, זכרונו לברכה, האָט מיר דערצעהלט: אמאָל איז געקומען צו איהם א אידענע מיט א גרויס געוויין, האָט דער טאַטע איהר געפרעגט — פאר וואָס וויינסטו ?

האָט דער טאַטע איהר געזאָגט: אויב דו וועסט וויינען וועט האָט דער טאַטע איהר געזאָגט, — באם דו וועסט וויינען, וועט דאָך דיר דער קאָפּ נאָך מעהר וועה טהון.

האָט די אידענע איהם געענטפערט: ווי אזוי זאָל איך ניט וויינען, אז עס געהן אזעלכע פאַרכטיגע טעג און איך האָב איין־און־איינציג קינד, האָב איך מורא טאָמער וועט דאָס קינד מיינס ניט זוכה־בדין זיין.

האָט דער טאַטע, זכרונו לברכה, איהר געענטפערט — א טאַטע האָט רחמנות אויף זיין איינציג קינד, ובפרט אויף אזא טייער קינד ונאמר, ווי אין פסוק שטעהט: הבן יקיר לי אפרים, אם ילד שעשועים וכו׳ רחם ארחמנו נאם ד׳.

---

דער פשיסכער האָט ראש־השנה מכבד געווען א חסיד זיינעם מיט תקיעת שופר. דער חסיד ניט דערוואַרטענדיג אזא גרויסען כיבוד פון רבין האָט א גאנצען פריהמאָרגען געהאלטען אין מאכען גרויסע הכנות פאר די תקיעות, נאָך דעם ווי דער חסיד, דער בעל־תוקע, האָט מיט גרויס אימה און פחד געזאָגט דעם לעצטען פסוק פון „מן

המצר", האָט ער אָנגעהויבען זאָגען די תפילה־בלחש פאר'ן בעל־תוקע, מיט אזא שרעק און ציטערניש, האָט זיך אינגאנצען געוואָרפען, אז דער פשיסכער האָט דאָס ניט געקאָנט צוזעהן האָט ער זיך צוגע־בויגען צום חסיד, האָט איהם מיט'ן פינגער אָנגעוויזען אויף דעם וואָרט „שב", וואָס שטעהט געדרוקט צווישען די תקיעות.

דער חסיד, א דערציטערטער פון רבינ'ס אנווייזען איהם מיט'ן פינגער אין מחזור, איז א ווײַלע געבליבען שטעהן ווי פאַרשטיינערט, מיט די אויגען האָט ער זיך אײַנגעגעסען אין וואָרט, צו דערגרונ־טעווען די כונה, וואָס דער רבי האָט מסתמא געהאט אין רעיון מיט'ן אָנווייזען אויף דעם וואָרט — „שב".

דער פשיסכער זעהענדיג מיט וואָס פאר א שרעק און פאַרכ־טיגקייט דער חסיד זוכט צו דערגעהן די כונה פון וואָרט, האָט מיט א שמייכעל א צווייט מאָל אנגעוויזען דעם חסיד אין מחזור אויפ'ן וואָרט און געזאָגט צו איהם:

— די כונה פון וואָרט ליגט אין די ראשי תיבות פון וואָרט — „שב" מאכט „שוטה בלאָז"...

---

ובשופר גדול יתקע — האָט דער קאצקער געטייטשט — באַם דער בעל־תוקע איז א צדיק, א גרויסער ירא־שמים, א גדול בתורה, הגם די תקיעות, די קולות, וואָס קומען ארויס פון זיין שופר, זיינען שוואכע, ציטערדיגע, אָבגעהאקטע און נידעריגע, פונדעסטוועגען מלאכים יחפזון וחיל ורעדה יאחזון, און דורך זיינע קולות לאָזען זיי וויסען אַלע הימלען — הנה יום הדין...

---

ויכון בחסד כסאך ותשב עליו באמת — האָט דער בערדיטשע־ווער אויף זיין אייגענאַרטיגען אופן אזוי אויסגע'טענה'ט זיך מיט'ן אויבערשטען. ויכון בחסד כסאך, אויב דו רבונו של עולם וועסט בעת דעם משפט לגבי דיינע קינדער, די אידען, באנוצען זיך מיט חסד, מיט מידת־הרחמים און רחמנות — ותשב עליו באמת, וועסטו אויף דיין טראָהן־שטוהל זיצען באמת, וועלען אַלע דיינע ארויסגע־געבענע אורטיילען און משפטים בודאי דורכגעפיהרט ווערען. טאָמער חס ושלום וועסטו זיך ביים משפט באנוצען מיט דעם מידת־הדין, וועסטו חלילה גוזר זיין גזירות רעות, מיט ענויים קשים צו באשטראָ־

פען דיינע קינדער, די אידען, פאר זייערע חטאים און עונות, זאָלסטו וויסען, איך בין דיך מזהיר, אז די אורטיילען און שלעכטע גזירות וועלען ניט דורכגעפיהרט ווערען, ווייל די צדיקים וועלען זיי בטל מאַכען — הקדוש ברוך הוא גוזר וצדיק מבטל...

---

אז ראש־השנה געפאלט אום שבת־קודש — האָט דער בערדיט־שעווער געזאָגט — איז דער טאָג אַ בעסערער יום־טוב, מחמת שבת טאָר מען דאָך ניט שרייבען, צום לעבען איז פאראן א היתר צו שרייבען. חס־ושלום להיפוך, קאָן מען דאָך ניט שרייבען, ווייל פקוח־נפש איז דאָך דוחה שבת...

---

איידער דער רבי ר׳ בונם איז געוואָרען רבי, איז ער געוועזן א סוחר. איינמאָל האָט ער אויפ׳ן מארק געוואָלט קויפען תבואה ביי א פויער און האָט ניט געקאָנט פארגלייכען זיך מיט׳ן מקח — דער רבי ר׳ בונם האָט דעם פויער געוואָלט געבען א קלענערע פרייז פאר די תבואה ווי דער פויער האָט געוואָלט, האָט דער פויער זיך גע־בעטען ביים רבין ר׳ בונם אין דער פוילישער שפראך—„פּאָפּראַוואַטשע״ (פאַרבעסערט דעם מקח) איז דער רבי ר׳ בונם תיכף אהיים געגאנגען, האָט זיך שטארק צעוויינט, וואָס אפילו דער פויער אויפ׳ן מארק ווייסט, אז ער דארף זיך פארבעסערען, „פּאָפּראַווען״, תשובה טאָן, אויסבעסערען זיינע מעשים...

---

דער רבי מלובלין, האָט שבת תשובה, ווען ארום זיין טיש זיינען געזעסען זיינע תלמידים, רבנים, רביים, הויך אָפּגעזיפצט און מיט א טרויעריגע שטימע געזאָגט:

— איך האָב געהאָפט, אז דאָס היינטיגע יאָהר וועט קומען די גאולה שלמה, דאָס גע׳רודפ׳טע אידישע פאָלק וועט אויסגעלייזט ווערען פון פינסטערען גלות. אויב מיין האָפענונג איז ניט מקוים געוואָרען, איז דאָס נאָר צוליב די אנשי מעלות, די רבנים, רביים, שעהנע אידען, מחמת די אנשים פשוטים, די פראָסטע איינפאכע אידען האָבן לאנג שוין תשובה געטהון, פון זייער צד איז זיכער קיין מניעה ניטאָ. דער גאנצער עיכוב קומט פון די אנשי מעלות, די שעהנע אידען, וואָס האלטען זיך פאר גרויסע מענשען, רבנים, רביים. זיי איז שווער

צו דערגרייכען די מדרגה פון שפלות און עניוות, דעריבער קענען זיי קיינמאָל נישט גרייכען צו תשובה גמורה...

---

ערב יום כפור, נאָך דער סעודה המפסקת, האָט ר' אברהמ'על סאָכאָטשאָווער געזאָגט צו די פארזאמעלטע חסידים וואָס זיינען געקומען צו איהם נאָך א ברכה. — יונגעלייט, זעהט איהר זאָלט זיין לייט, פיהרט זיך אויף לייטיש, ווען איך בין געווען א קינד, האָב איך געהאַט א גוטען קאָפּ. ווי היינט געדענק איך, אז דער מלמד האָט מיר געוויזען אן „אלף" און א „בית", האָב איך תיכף געוואוסט וועלכעס איז „אלף" און וועלכער „בית". מ'קען זאָגען, אז איך האָב געוואָלט לערנען, און אָט זעהט וואָס פון מיר איז געוואָרען — א רבי...

---

ערב יום־כפור צו מנחה, איז אמאָל דער בערדיטשעווער געקומען צולויפען אין שוהל, האָט א ווייל באַטראַכט די מתפללים און מיט אויפגעהויבענע הענט צו גאָט, האָט ער מיט גרויס פּאַטאָס געזאָגט:

— רבונו של עולם! האָסט אונז געגעבען דעם צעהנטען טאָג אין תשרי צו דאַוונען, פאַסטען, א טאָג פון סליחה, ומחילה וכפּרה. דעם ניינטען טאָג אין תשרי האָסטו אונז געגעבען צו עסען, טרינקען און זיין פרעהליך. איצט זעה דיין פאָלק ישראל, אלע ווי איינער, זיינען זיי איצט פארזאמעלט אין שוהל, ניט איינער פון זיי איז שיכור, ניט איינער פון זיי ליגט יעצט אין הויז פון צופיעל איבער־עסען זיך, מיט ערנסטע פּנימער, צושראָקענע הערצער, אויגען פול מיט טרערען, פארזונקען אין אייגענע מחשבות מאכען זיי היינט דעם דין וחשבון פון דאָס פארגאנגענע יאָהר לעבען, גרייטען זיך מיט אימה און פּחד פאר'ן מאָרגענדיגען יום איום ונורא. — פרעג איך דיך, בורא עולם, האר פון דער וועלט, איז נאָך פאראַן אויף דער וועלט אזא אומה ווי דאָס פאָלק ישראל?...

---

ערב יום־כפּור, א שעה פאר כל־נדרי, האָט דער קאָצקער אריינגערופען דעם משמש און געזאָגט צו איהם.

דער דין איז, איין טאָג פון יאָהר, ווערט פאהרעכענט פאר א יאָהר, ומקצת היום ככולו — עפּעס פון טאָג ווערט פאררעכענט פאר א גאַנצען טאָג, אויב אזוי, האָבען מיר נאָך גענוג צייט תשובה צו טהון, ס'זאָל אונז פאררעכענט ווערען פאר א גאַנץ יאָהר תשובה...

---

כל נדרי ביינאַכט ווען דער חזן האָט מיט גרויס געבעט און גע־וויין, בקול רם, מיט התלהבות אויסגעשריען: סלח נא לעון העם הזה כגודל חסדך וכו', האָט דער בערדיטשעווער אויפגעהויבען זיינע אויגען צום הימעל און געזאָגט:

— ויאמר — און לוי יצחק בערדיטשעווער זאָגט, רבונו של עולם, איך בעט דיך, כ'האָב מעהר ניט קיין כח, זאָג צו — סלחתי!...

---

## דער סוד פון צוויי יוד'ן אין-איינעם

אז צוויי אידען זיצען צוזאמען ביי איין גלעזעל משקה, יעדער באזונדער איז מבטל דעם איינענעם איך לגבי זיין חבר, האַלטען זיך ניט גרעסער איינער פון צווייטען איז השי"ת מוחל זייערע זינד, האָב איך געלערנט דאָס נאָך אלס קינד ביי מיין דרדקי מלמד אין חדר — האָט דער איד הקדוש, דערקלערט די חסידים זיינע דעם ענין פון התחברות.

בעת איך האָב אלס קינד געלערנט „אלף־בית" ביים דרדקי מלמד, איז מיר געווען א פלא אויף דעם קליינעם אות „יוד", וואָס פאר א נקודה דאָס איז, האָט דער מלמד מיר דערקלערט, אז די קליינע נקודה הייסט „יוד". שפּעטער האָט ער מיר דערקלערט, אז צוויי אידען צוזאמען, איז גאָט'ס נאָמען — ד'.

אז איך האָב נאָכדעם באמערקט צוויי נקודות אין דער לענג, וואָס מאכען א הבדל צווישען די פסוקים, האָב איך זיי אויך גע־לייענט פאר ד', האָט מיין דרדקי מלמד מיר נעגעבען אזוי צו פאר־שטעהן — באם דו וועסט זעהן צוויי אידען זיצען גלייכע, ניט איינער אויפ'ן צווייטען, שטעהן גלייך אין איין שורה, ניט העכער, ניט קלענער אָט די צוויי „יודען" מאכען ד'. צוויי „יודען" אָבער אין דער לענג, איינער אויפ'ן צווייטען, איינער איז העכער פאר'ן אנדערען, אזעלכע צוויי אידען מאכען ניט ד', נאָר זיינען א הבדל בין פסוק לפסוק.

האָב איך פון דעם אָבגעלערנט, אז צוויי אידען זיצען צוזאמען ביי איין גלעזעל משקה, האלטען זיך גלייך אויף איין מדרגה, איינער האלט זיך ניט במעלה גבוהה פון זיין חבר, זיינען זיי ביידע מתחבר גאָטס נאָמען — ד'. היות, ווי די ראשי־תיבות פון וואָרט „כוס" מאכען „ויאמר סלחתי כדבריך", צוזאמען מיט די צוויי גלייכע אידען, וואָס מאכען ד' שטעלט דאָס צוזאמען דעם פסוק — ויאמר ד' סלחתי כדבריך!

---

— ואין לנו שיור רק התורה הזאת — קיין שום זאך האלט מען ניט פאר אזא שיריים און טפל — האָט ר' נפתלי ראפשיצער געזאָגט — ווי די תורה.

---

## א טעות אין שאך איז ווי א טעות אין לעבען

דער ראדזינער רבי, ר' גרשון הענעך, איז געווען א גרויסער ליעבהאָבער פון שאך־שפיעל. בעת'ן שאך־שפיעל האָט ער געהאט א טבע, שטיל, פארטראכט, אונאויפהערליך האלטען אין צוזינגען — „אז מען געהט א גאנג, דארף מען זעהן, עס זאָל ניט טאָהן באנג"...

האָט איינמאָל דער ראדזינער געשפיעלט שאך מיט א איד, א משכיל, וועלכער האָט גע'שמ'ט פאר אן אפיקורס. ווי זיין טבע איז געווען, האָט ער כסדר געהאלטען אין אונטערזינגען דאָס אויבען־דערמאָנטע ווערטעל. אינמיטען שאך־שפיעל, האָט ער געמאכט א שלעכטען גאנג, האָט דער איד, דער משכיל, נצחנות'דיג אָנגעכאפט זיך אין דעם טעות'דיגען גאנג אויפ'ן שאך־ברעט פון רבין און געוואָלט פארענדיגען דעם שאך־שפיעל, מיט שאכמאט פאר'ן רבין, האָט איהם דער ראדזינער שטארק אָנגעהויבען בעטען — ס'איז דאָס ערשטע מאָל, ער האָט פארזעהן, עס איז געווען בשוגג, ער זאָל איהם מוחל זיין דעם טעות'דיגען גאנג. האָט דער משכיל קוים געלאָזט זיך איבערבעטען און דערלויבט דעם רבין צוריק געהן צו זיין ערשטען פלאץ אויפ'ן שאך־ברעט.

מיט עטליכע מינוט שפעטער, האָט דער ראדזינער א צווייט מאָל, מיט א כיוון געמאכט א טעות'דיגען גאנג. דאָ איז דער משכיל מיט טריאומף אויפגעשפרונגען און תיכף געוואָלט דערקלערען דעם שפיעל געענדיגט, אז דער רבי האָט פארשפיעלט. וויפיעל דער ראד־

זינער האָט זיך ביי זיין שאַך־שפּיעל געגנער געבעטען, ער זאָל איהם מוחל זיין דעם צווייטען טעות׳דיגען גאַנג, האָט דער משכיל באין אופן ניט געוואָלט אנערקענען דעם רבינ׳ס טעות, האָט זיך צו אַלע זיינע טענות ניט געוואָלט צוהערען, האָט דער ראדזינער זיך אויפגע־שטעלט, א ווײלע שטילשווייגענד באטראכט דעם משכיל און שאַרף מוסר׳דיג געזאָגט צו איהם:

—איצט זעהסטו שוין, אז ס׳איז אָך און אז וועה צו דעם מענשען, וואָס איז שוין אזוי וויט פאַרקראָכען אין שלעכטען וועג, אז עם העלפט איהם ניט קיין תחנונים און געבעט זיך צוריק צו־קערען צום פריהערדיגען גוטען וועג...

---

יום־כפור צו מוסף, פאַר׳ן זאָגען ונתנה תוקף, האָט דער בער־דיטשעווער איינמאָל, אויף זיין ספּעציפיש אייגענאַרטיגען נוסח אין אידישער שפראַך, אָנגעוויזען דעם אויבערשטען דעם פּאַראַלעל און גרויסען קאָנטראַסט, צווישען דאָס אידישע פאָלק און די אומות־העולם און אויף פאָלגענדען אופן געמאָהנט פאר אידען גערעכ־טיגקייט.

— בראש השנה יכתבון — אום ראש־השנה, שרייבען די פעל־קער, זיינען מחלל יום־טוב. וביום צום כפור יחתמון — יום־כפור חתמנ׳ן זיי, פאַרשוועכען דעם טאָג, וואָס דו האָסט אין דיין תורה באשטימט פאר׳ן שבת־שבתון. כמה יעברון — וויפיעל פרויען מאכען זיי מעוברת, אין די הייליגע טעג, וכמה יבראון — וויפיעל ממזרים באשאַפען זיי אין די הייליגע טעג. פרעג איך דיך רבונו של עולם, אדרבה זאָג אליין — מי יחיה? — ווער דאַרף לעבען?...

---

דער רבי מלובלין האָט געזאָגט, א מענש וואָס ווייסט זיין ערך, מאכט אַ חשבון הנפש פון זיינע מעשים, איז ווי די וועלט זאָגט — אָבגערעכענט איז האַלב באצאָהלט.

---

— מיר דערמאָנען ביי דער ברכה „סלח לנו", דעם רבונו של עולם אז ער איז אונזער פאָטער — האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי געזאָגט — און מיר זאָגען צו גאָט, סלח לנו — פאַרגיב אונזערע חטאים, אבינו, — דו ביסט דאָך אונזער פאָטער מיר זיינען דאָך דיינע קינדער.

ר׳ מאיר פרימישלאַנער האָט איינמאָל ערב יום־כפור פאַר כל־נדרי אוועקגעשטעלט זיך ביים טיר פון זיין בית־המדרש, האָט אַ ווײַלע באַטראַכט דעם עולם מתפללים און האָט הויך אויפ׳ן קול אויסגעשריען צו די פאַרזאַמעלטע חסידים:

— זעהט נאָר, ווי זיי האָבען זיך דאָ אַלע פאַרזאַמעלט, איהר מיינט אודאי, אַז מאיר (דער פרימישלאַנער, פלעגט כמעט תמיד רופען זיך אליין, ביים נאָמען.) וועט מיט אייך זאָגען כל־נדרי. איהר זאָלט אפילו שטעהן און וואַרטען ביז פריהמאָרגען, וועט מאיר ניט זאָגען מיט אייך קיין כל־נדרי, ווייל איהר זאָלט וויסען, עבירות שבין אדם למקום, יום־כפור מכפר, אָבער עבירות שבין אדם לחברו, אין יום כפור מכפר עד שירצה את חבירו.—לכן וויל מאיר, איידער ער זאָגט מיט אייך כל־נדרי, זאָל איינער דעם צווייטען מיט׳ן גאַנצען האַרצען מוחל זיין די קריוודער, פרעטענזיעס, אינערליכען פאַרדראָס, עגמת־נפש, האַרץ־וועהטאָג און יסורים, וואָס איינער האָט דעם צווייטען אין משך פון דאָס פאַרגאַנגענע יאָהר פאַרשאַפט.

האָט אויסגעבראָכען אַ יאָמערדיגער געוויין צווישען די מתפללים און אַלע האָבען בקול אחד אויסגעשריען — מיר בעטען מחילה איינער ביים צווייטען, מיר זיינען מיט׳ן גאַנצען האַרצען זיך מוחל איינער דעם צווייטען במחילה גמורה פאַר די מינדסטע עבירה, וואָס מיר זיינען איינער געגען אנדערען באַגאַנגען.

— וואָס מיינט איהר — האָט זיי דער פרימישלאַנער צוריק אָבגעענטפערט — אַז מאיר, פאַרשטעהט אייך ניט, יעצט זייט איהר זיך איינער דעם אנדערען מוחל, איהר האָט מורא פאַר׳ן יום הקדוש, אָבער נאָך יום־כפור, אויב איינער איז דעם צווייטען שולדיג אַ חוב, וועט ער פון איהם אוועקנעמען דאָס בעטגעוואַנט און דאָס לעצטע מלבוש, — וויל דעריבער מאיר, איהר זאָלט איהם יעצט מבטיח זיין אַז דער וואָס איז ביכולת צו באַצאָהלען זיין חוב נאָר ער פאַרמאָגט ניט תיכף דאָס געלד, זאָל איהם געגעבען ווערען אַ לענגערע צייט אויסצוצאָהלען זיין חוב, מען זאָל פון דעם בעל חוב, באַלד נאָך יום־כפור ניט אַרויסציהען זיין נשמה פון איהם.

זיינען צווישען עולם חסידים געווען עטליכע לעמבערגער גבירים, האָבען זיי פאַרשטאַנען אַז די לעצטע שטראָף־רייד, האָט דער פרימישלאַנער געציעלט געגען זיי, זיינען זיי אַלע צוגעגאַנגען צום רבין,

האָבען מיט טרערען אין די אויגען איהם מבטיח געווען, אויסצו־פאָלגען דעם רבינ׳ס פארלאַנג. איז דער פרימישלאַנער אוועקגע־גאַנגען פון בית־המדרש טיהר, געשטעלט זיך ביים עמוד און האָט בקול רם אויסגעשריען:

— רבונו של עולם! האָסטו געהערט די אידען זאָגען חטאנו — מיר זיינען שולדיג! מיר ווילען מעהר ניט ווידערהאָלען דאָס שלעכטע פון דאָס פארגאַנגענע יאָהר, און דו גלויבסט זיי אויפ׳ן וואָרט און ביסט זיי מוחל זייערע עבירות. לכן, איז אויך מאיר מחויב זיי צו גלויבען. וויסען זאָלט איהר אָבער, אַז באם איהר וועט אויספאָלגען און מקיים זיין אייערע פארשפרע־כונגען, וועט איהר האָבען אַ גוט געבענשט, גליקליך יאָהר און דער וואָס וועט ניט אויספאָלגען זיינע איצטיגע הבטחות, וויל בלויז מאיר׳ן אָבנארען. זאָל ער וויסען — פאטשעמא לאַ־קיעטש... (ווי טייער מען וועט שניידען אויפ׳ן אייל....)

---

ר׳ הירש מלך דינובער האָט איינמאָל ראש־השנה אוועקגע־לייגט זיין מחזור אויפ׳ן שטענדער, האָט געעפענט דעם ערשטען טאָוועל, האָט קיין איינציג בלעטעל ניט איבערגעמישט, אזוי איז דער מחזור געלעגען אָפען אויפ׳ן שטענהער די גאַנצע צייט פון דאווענען.

האָט דאָס איינער פון די גאַר נאָהנטע מקורבים באמערקט און האָט געפרעגט דעם דינובער.

— דער רבי זאָל מיר מוחל זיין פאר מיין נייגעריגקייט איך האָב באמערקט, אז דער רבי האָט בעת׳ן גאַנצען ראש־השנה׳דיגען דאווענען געהאַלטען דעם אָפענעם מחזור אויפ׳ן שטענדער און קיין איין מאָל ניט אריינגעקוקט אינ׳ם מחזור און קיין איינציג בלעטעל ניט איבערגעמישט, אויב דער רבי דאווענט פון אויסענווייניג, צו וואָס האַלט דער רבי דאָס מחזור אויפ׳ן שטענדער אויפגעמישט?

— איך וועל דיר דאָס גערן דערקלערען, — האָט ר׳ הירש מלך דינובער מיט אַ שמייכעל געענטפערט דעם חסיד. — ס׳קומען די הייליגע טעג, די ימים נוראים, ווייס איך ניט וואָס צו דאווענען, וואָס צו זאָגען און וואָס מכוון צו זיין, דארום עפען איך דאָס ערשטע בלעטעל פון מחזור און איך זאָג אזוי צום אויבערשטען:

רבונו של עולם! איך וויים היינט ניט וואָס צו דאַוונען וואָס צו זאָגען, וואָס צו בעטען. אָט האָסטו רבש"ע דאָס גאַנצע מחזור, אינ'ם מחזור שטעהט אלץ וואָס מען דאַרף דאַוונען, זאָגען, בעטען מיט אלע כוונות אין די הייליגע פאַרכטיגע טעג, די ימים נוראים... טאָ נעם, קלויב אויס, וואָס עס וועט דיר בעסער געפעלען!...

---

הללוהו בתף ומחול — האָט דער פּרימישלאַנער געטייטשט — לויבט, בעט צו גאָט ביים סוף פון יאָהר, גאַנץ חודש אלול — ומחול, וועט גאָט אייך מוחל זיין אַלע אייערע עבירות.

---

סומך ד' לכל הנופלים — האָט דער חידושי הרי"ם געזאָגט — אז אַ איד באַגעהט אַן עבירה, העלפט דער אויבערשטער איהם אויפצושטעלען, ער זאָל אינגאַנצען ניט אומפאַלען.

---

## אַז איינער קען נישט פאַסטען...

אַ איד איז עטליכע טעג פאַר די ימים נוראים געקומען צו ר' מאיר פּרימישלאַנער, דערצעהלט איהם, אז ער איז אַ גרויסער חולה, יעדע שטונדע מוז ער עפּעס טועם זיין, דאָקטוירים האָבען איהם שטרענג פאַרזאָגט, אויב ער וויל לעבען, טאָר ער קיינמאָל ניט פאַסטען. טאָ קומען די פאַרכטיגע טעג, ס'דערנעהענטערט זיך דער יום איום ונורא, דער הייליגער טאָג יום־כפור, ער וויל פאַס־טען, האָט ער מורא פאַר'ן לעבען — וואָס זאָל ער טאָהן?

— יום־כפור זאָלסטו קומען דאַוונען אין מיין בית־המדרש, איך וועל שוין אויף דיר אַכטונג געבען — האָט איהם דער פּרי־מישלאַנער געענטפערט.

ערב יום־כפור, האָט דער פּרימישלאַנער צוגערופען דעם איד און געזאָגט צו איהם:

— ווייסטו, אז מאָרגען, יום־כפור, האָט די תורה געבאָטען אַז יעדער איד איז מחויב צו פאַסטען און פייניגען זיין קערפּער?

— אָבער רבי — האָט דער איד פאַרצווייפעלט אָבגעענט־פערט — איך בין אַ חולה מסוכן, דאָקטוירים האָבען מיר פאַר־זאָגט דאָס לעבען אויב איך וועל פאַסטען.

— איך וויים דאָס — האָט איהם דער פּרימישלאַנער אָבגעע־

ענטפערט — איך וויל זאָלסט בלויז האָבען אין מחשבה דעם געבאָט פון דער תורה. מאָרגען, יום־כפור, איידער דו וועסט גענה עסען, פארלאַנג איך פון דיר, דו זאָלסט פריער מיר אָנזאָגען.

— יום־כפור צו שחרית איז חער איד צוגעקומען צום פריי־מישלאנער, האָט איהם דער פרימישלאנער געפרעגט:

— ווי איז דיר דערגאַנגען די נעכטיגע נאכט, ביסטו גע־שלאָפען?

— נישקשה, אַ דאַנק השי"ת — האָט דער איד געענטפערט.

— ווארט צו ביז נאָך ברכו ווערסטו געהן עסען, נאָר פריער זאָלסטו קומען מיך זעהן.

— נאָך ברכו, איז דער איד צוגעקומען צום פרימישלאנער — איהר וועט צו ווארטען — האָט איהם דער פרימישלאנער גע־זאָגט — ביז נאָך קריאת־התורה.

נאָך קריאת התורה איז דער איד כמעט אַ פאַר'חלש'טער צוגעקומען צום פרימישלאנער, געזאָגט איהם, ער פיהלט זיך שלעכט, צו מעג ער אהיים געהן עפּעס איבערכאַפּען דאָס הארץ.

— אודאי, וועסטו באלד אהיים געהן עסען — האָט איהם דער פרימישלאנער פארזיכערט — ווארט בלויז איבער, נאָך דעם ווי דער חזן וועט זאָגען דעם ונתנה תוקף.

תיכף נאָך ונתנה־תוקף, האָט דער איד קוים דערשלעפּט זיך צום פרימישלאנער, מיט די לעצטע כחות ארויסגעשעפּטשעט — איך פיהל דאָס חיות געהט מיר אויס, מעג איך איצט אהיים געהן עפּעס עסען?

— דו דארפסט ניט אהיים געהן, איך זעה דו האָסט ניט קיין כוח צו געהן. אָט באלד וועל איך הייסען דיר אריינברענגען אין בית־המדרש אריין עפּעס צו עסען, וועסטו זיך פיהלען געקרעפטיגט. ווארט בלויז צו עטליכע מינוטען, ביז דער חזן וועט ענדיגען די מוסף'דיגע שמונה עשרה.

ווען דער חזן האָט געענדיגט די מוסף'דיגע שמונה־עשרה איז שוין געווען שפּעטלאך, אין בית־המדרש האָט אָנגעהויבען ווערען טונקעל, די זון האָט זיך נעהנטער גערוקט צו מערב. דער איד איז מעהר ניט נעקומען פרעגען דעם פרימישלאנער אויב ער זאָל אהיים געהן עסען.

אז דער חזן איז געגאַנגען דאַווענען נעילה, האָט דער פּרי־מישלאַנער געשיקט זיין משמש אויפצוזוכען דעם קראַנקען איד, איז דער קראַנקער איד געקומען צום פּרימישלאַנער, האָט זיך צע־וויינט פון גרויס פרייד, וואָס דורך דעם, וואָס דער רבי האָט איהם יעדעס מאָל מבטיח געווען, אַז אָט באַלד וועט ער איהם הייסען עסען, האָט דאָס איהם אינערליך געשטאַרקט, געגעבען איהם כח ביז איצט צו פאַסטען — איצט האָט דער איד מיט פריידען־טרערען אין די אויגען געזאָגט צום פּרימישלאַנער: — הונגערט מיך מעהר ניט, איך פיהל זיך בעסער ווי פריער, און וועל שוין איבערוואַרטען ביז נאָך נעילה, צו פאַרענדיגען דעם גאַנצען תענית טאָג.

---

די צוויי באַריהמטע ברידער, דער רבי ר׳ אלימלך און דער רבי ר׳ זושא, האָבען ווי באַוואוסט יאָהרען אָבגעריכט גלות, האָבען געהאַלטען אין וואַנדערען פון שטאָדט צו שטאָדט, ניט נעכטענדיג דאָרט וואו זיי האָבען געטאָגט. איינמאָל איז זיי אויסגעקומען א נאַכט איבערצונעכטיגען ביי א דאָרפסמאַן אין שטוב. אינמיטען נאַכט האָבען זיי געזעהן, ווי דער דאָרפסמאַן איז אַהיים געקומען, האָט אָנגעצונדען דאָס ליכט וואָס איז געשטאַנען אויפ׳ן טיש און האָט זיך אַוועקגעזעצט צו פאַרריכטען זיין צוריסען פעלצעל. אז דעם דאָרפסמאַנס פרוי האָט דאָס געזעהן, האָט זי אויסגעשריען צו איהר מאַן:

— פאַרריכט שנעלער דיין פעלצעל, כל־זמן דאָס ליכט אויפ׳ן טיש ברענט.

— דו הערסט — האָט דער רבי ר׳ אלימלך געזאָגט צום רבין ר׳ זושא — הערסטו, וואָס די דאָרפס־פרוי שרייט: פאַרריכט שנע־לער דיין לבוש, דיינע מעשים, ווי לאַנג די נשמה־ליכט איז אין דיר...

---

א איד איז אַמאָל אלול צייט געקומען צום פּשיסכער פרעגען אן עצה — היות, ער איז א חלוש, דאָקטוירים הייסען איהם דורכ־געהן אן אָפּעראַציע, שרעקט איהם אן אינערליכער געפיהל, ער האָט מורא, קאָן ער דאַרום זיך ניט באַשליסען וואָס צו טאָהן.

— האָב קיין מורא נישט — האָט איהם דער פּשיסכער געענטפערט — מיר'ן באַלד זאָגען — החותך חיים לכל חי, אז מען שניידט זיך, מען מאכט זיך אן אָפּעראַציע, ווערט מען ערשט נאָכ־דעם לעבעדיג...

---

ר' נפתלי ראָפּשיצער האָט געזאָגט, אז א איד טוהט תשובה ווערט ער אן אנדערער מענש, פרעגט מען זיך אויף אים אין הימעל — ווער איז דער מענש וואָס מען דערקאָנט איהם נישט?...

---

## וועגען סוכות

דער פּאָריסאָווער רבי האָט איינמאָל איידער ער איז אריינ־געגאנגען אין סוכה, אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אויף דער טיר פון סוכה און צו זיך אליין אזוי געזאָגט:

מיר זאָגען אדם יסודו מעפר. אויב אזוי איז דאָך דער מענש א כלי חרס, און א כלי חרס טאָר מען דאָך לויט דעם דין ניט אריינברענגען אין סוכה. דער דין איז אבער — האָט ער תיכף צוגעגעבען — בכלי חרס, שבירתן מטהרתן און איז אריינגעגאנגען אין סוכה...

---

דער בערדיטשעווער פלעגט זיך נוהג זיין איינצולאַדען אין זיין סוכה אריין אורחים פאַר די אושפּיזין, אזעלכע פּראָסטע מגושמ'דיגע אידען, אז מ'האָט באַדאַרפט זיין א גרויסער סבלן צו פאַרטראָגען זייער געזעלשאַפט. האָט מען איינמאָל געפרעגט דעם בערדיטשע־ווער די כונה פון זיין התנהגות, האָט דער בערדיטשעווער אזוי געענטפערט.

— לעתיד לבוא, ווען משיח וועט קומען, וועלען די אבות העולם, די צדיקים, חסידים פון יעדען דור זיצען בסוכה של לויתן, וועל איך, לוי יצחק זיך אריינכאַפּען אין סוכה און זיך אוועקזעצען צווישען זיי, וועט קומען א מלאך און פרעגען מיך: — הא, ווי קומסטו, לוי יצחק, אזא איש מגושם ווי דו, צו זיצען אין סוכה

של לויתן צוזאמען מיט די אבות און צדיקי העולם? וועל איך ענטפערען — אודאי קומט מיר צו זיצען אין דער סוכה של לויתן, ווייל אויך אין מיין סוכה זיינען געזעסען פראסטע מגושמ'דיגע אידען.

---

## וועגען פורים

א איד א פעל סוחר איז אמאל געקומען צו ר' מאיר פרימישלאנער און געקלאגט זיך פאר איהם, אז ער האט איינגעהאנדעלט פאר טויזענטער רובעל פעל, לעצטענס האבען די פרייזען פון פעל פלוצים אנגעהויבען פאלען, ס'שטעהט איהם פאר צו פארלירען זיין גאנץ פארמעגען, ארויסצוגעהן פון מסחר בעירם ובחוסר.

— דאגה נישט — האט איהם דער פרימישלאנער געטרייסט — דו וועסט גאר נישט פארלירען, וועסט נאך מרויח זיין און זיי לוסטיג און פרעהליך. אזוי בפירוש שטעהט אין דער מגלה — „ליהודים היתה אורה" (עור־פעל), אז אידען האבען פעל, דאמאלס איז שמחה וששון, זיינען זיי לוסטיג און פרעהליך, ווייל „ויקר" — פעל וועלען טייער ווערען...

---

ודתיהם שונות מכל עם — האט ר' נפתלי ראפשיצער געזאגט — דאס הויפטזאכלעכסטע אין דער אידישער אמונה איז דאס אנדערשקייט לגבי אנדערע פעלקער.

---

## דאס קענען די לאנד-שפראך

דער באריהמטער שתדלן און גרויסער פילאנטראפ ר' משה מאנטעפיארע, האט אמאל זייענדיג אויף א באזוך אין ווארשא צוזאמענגעטראפען זיך מיט'ן חידושי הרי"ם, האט ר' משה מאנטעפיארע געפרעגט דעם חידושי הרי"ם — פארוואס, זאגט מיר, בא־

איינפלוסט איהר נישט די אידען אין פוילען זאָלען לערנען זייערע קינדער די לאנד־שפּראך, האָבען דאָך די סנהדרין געמוזט קענען רעדען שבעים לשונות, און די ישועה פון די אידען אין דער צייט פון אחשורוש איז דאָך נאָר צושטאַנד געקומען א דאנק דעם, וואָס מרדכי היהודי האָט פאַרשטאַנען די טרסיים־שפּראך פון בגתן ותרש.

— אדרבה — האָט דער חידושי הרי"ם תיכף אָבגעענטפערט — דאָס באַווייזט דאָך פּונקט דאָס פאַרקערטע, אז אידען דאַרפען ניט לערנען די לאַנדס־שפּראַך, וואָלטען בגתן ותרש געוואוסט, אז אידען לערנען זייער שפּראַך, וואָלטען זיי זיך אודאי אויסגעהיט צוזאַמענצורעדען זיך צו פאַר'סמ'ען אחשורוש'ן ווען מרדכי הערט, נאָר מחמת זיי האָבען געוואוסט, אז קיין איד לערנט ניט און קען ניט די טרסיים שפּראַך, האָבען זיי זיך ניט געהיט צו מאַכען זייערע פּלענער אין מרדכי'ס אַנוועזענהייט.

— זייט איהר מודה, אז א איד א מנהיג ביי אידען דארף קענען די לאַנדס־שפּראַך? — האָט ר' משה מאַנטעפיאָרע מיט א שמייכעל געפרעגט דעם חידושי הרי"ם.

— אודאי, אודאי, — האָט דער חידושי הרי"ם צוריק מיט א שמייכעל שנעל אָבגעענטפערט — א איד, א מנהיג ביי אידען דארף קענען די לאַנדס־שפּראַך, ער זאָל קענען זיך משתדל זיין פאַר זיינע אידישע ברידער אין אן עת־צרה, דערפאַר דארפט איהר ר' משה מאַנטעפיאָרע קענען די לאַנדס־שפּראַך.

---

# ווענען פסח

א יאָהר ווען מצה שמורה איז געווען בדוחק, דער פּרייז איז געווען א הויכער, האָט דער טשעכינאָווער רבי, א וואָך פאַר פּסח, גערופען די שטאָדטישע שוחטים און זיי שטרענג מזהיר געווען, זאָלען ניט דערוועגען אָבצושפּאָרען פון זייערע שטוביגע באַדער־פעניגען כדי צו קויפען מצה שמורה, ווייל שוחטים מוזען שטענדיג

האָבען פרנסה בריוח און טאָרען ניט אָבשפּאָרען פון זייערע הצטרכות׳ן אפילו לדבר מצוה.

---

אחרון של פסח ביינאכט, האָט דער איד הקדוש געהייסען דערלאַנגען צום טיש מצה־מעהל קניידלאך. עס איז א מצוה צו עסען קניידלאך נאָך קריעת ים סוף, אחרון של פסח ביינאכט — האָט דער איד הקדוש געזאָגט — אזוי זאָגט דער פסוק, כונס כנד (קנייד) מי הים...

---

דער בערדיטשעווער איז איינמאָל פאר פסח פארבייגעגאנגען די אידישע גאַס, האָט ער געזעהן ווי אידישע פרויען שטעהען פאר־שמאַיעטע, סקראָבען טישען, שייערען כלים האָט ער געזאָגט, איצט פארשטעה איך די כונה און די יהי רצונ׳ס, וואָס מ׳זאָגט ראש־השנה אינמיטען שופר בלאָזען: המלאכים היוצאים מקשר״ק, די נוטריקון פון קשר״ק מאכען — קראַצען, שייערען, רייבען, קאַשערען...

---

## וועגען שבועות

דעם דובנער מגיד איז אמאָל אויסגעקומען צו זיין שבועות ביים רבין מלובלין. ווי דער מנהג, די ערשטע נאַכט האָט דער רבי מלובלין געזאָגט תיקון ליל שבועות, דער דובנער מגיד דאגעגען איז געזעסען ביי א ספר און האָט געלערנט.

— דובנער מגיד — האָט דער רבי מלובלין געפרעגט איהם — היתכן, פארוואָס זאָגט איהר נישט קיין תיקון ליל שבועות?

— איך וועל אייך ענטפערען — האָט דער דובנער מגיד מיט א שמייכעל אָבגעענטפערט — ווי מיין דרך איז, מיט א משל.

א יונגערמאנטשיק, נאָך דעם ווי ער האָט עטליכע יאָהר אָבגעגעסען קעסט ביים שווער, האָט איהם דער שווער געהייסען

זוכען א מסחר, ער זאָל קענען מפרנס זיין דאָס ווייב מיט קינדער.

— צו וואָס פאַר א מסחר זאָל איך זיך נעהמען? — האָט דער יונגערמאַן א פאַרצווייפעלטער געפרעגט דעם שווער.

— מ׳געהט ארויס אין גאַס, זעהט מען וואָס אנדערע האַנד־לען, לערנט מען זיך אויס און מען טוט דאָס זעלבע.

איז דער יונגערמאַן ארויס אין גאַס, האָט ער געזעהן אינ־דרויסען פאַר די קראָמען הענגען גרויסע שילדען וואָס רעקלאַמירען די סחורות, האָט דער יונגערמאַן געדונגען א קראָם, האָט ארויס־געהאַנגען א גרויסע שילד, אינעווייניג אין קראָם האָט ער אָבער קיין סחורה ניט ארייננעלייגט, זיינע קונים געקומען אין קראָם, האָבען זיי אָבער קיין סחורה ניט געהאַט צום קויפען, איז דער יונגערמאַן געקומען צום שווער און געקלאָגט זיך.

— איך האָב געעפענט א קראָם, ארויסגעהאַנגען א שילד פּונקט ווי אַלע סוחרים אין מארק, די אַנדערע קראָמען לייזען געלד און איך האָב קיין גראָשען פּדיון ניט ארייננעלייזט.

— אָה, שוטה, כסיל — האָט דער שווער אויסגעשריען — די אַנדערע סוחרים הענגען ארויס זייערע שילדען אין פראָנט פון זייערע קראָמען כדי צו אַנאָנסירען זייערע סחורות וואָס געפינען זיך אינעווייניג אין די קראָמען, אבער דו, פּתי, האָסט ארויסגע־האַנגען א שילד אויף דיין קראָם און אינעווייניג אין קראָם האָסטו קיין סחורה ניט ארייננעלייגט.

דאָס זעלבע איז מיט תיקון זאָגען. תיקון באַשטעהט פון התחלות אין סוף פּרשיות פון דער תורה, דאָס איז אזוי צו זאָגען א שילד וואָס דערצעהלט וועגען דער סחורה, וואָס געפינט אויפ׳ן בארג סיני, אָבער קבלת התורה איז אַלעמאָל און אין יעדער זיך אין דער תורה. מילא, איהר לובלינער רבי פאַרמאָגט אין זיך די סחורה. איהר קאָנט די גאַנצע תורה, דאַרפט איהר אויך האָבען די שילד, די סימנים פון דער סחורה וואָס געפינען זיך ביי אייך. איך אָבער באַזיץ ניט די סחורה, מיין קראָם איז א ליידיגע, קאָן איך דאָך ניט יוצא זיין מיט בלויז ארויסשטעלען די שילד מיט בלויז זאָגען תיקון ליל שבועות, דערפאַר קוק איך אריין אין א ספר . . .

זמן מתן תורתנו — האָט דער בערדיטשעווער געזאָגט — איז געווען די צייט, ווען גאָט האָט די אידען געגעבען די תורה אויפ'ן בארג סיני, אָבער קבלת התורה איז אַלעמאָל און אין יעדער צייט.

---

דער רבי מלובלין האָט אמאָל באמערקט ווי א יונגערמאַן ארבייט מעשים מיט ביידע הענט און עלענבויגענס, שפּאַרט זיך דורכצושטופען צווישען די חסידים, צו זיין נעהנטער ביים רבינ'ס טיש. אז דעם יונגערמאַן איז געלונגען צו דערשלאָגען זיך נאָהנט צום רבין, האָט דער רבי מלובלין געזאָגט צו איהם.

— יונגערמאַן, אויב דו גלויבסט באמת, אז דו האָסט זיך דערשלאָגען צום בארג סיני צו א פּלאַץ פון קבלת התורה, דאַרפסטו געדענקען די אזהרה פון והגבל את ההר, אז בלויז משה ואהרן, אנשים חשובים, ניט אזעלכע יונגעלייט ווי דו ביזט, האָבען געהאַט דאָס רעכט צו שטעהן נאָהנט צום בארג סיני...

---

א איד, א משכיל, מיט וועמען דער ראדזינער רבי, ר' גרשון הענעך, פלעגט ליעב האָבען צוזאמען צו פארברענגען, האָט איינמאָל שבועות געפרעגט דעם ראדזינער פאָלגענדע שאלה.

די חז"ל זאָגען אז איידער דער רבונו של עולם האָט די בני ישראל געגעבען די תורה, האָט ער זי פריהער אָנגעבאָטען צו די בני עשו און בני ישמעאל, וועלכע האָבען דעם אויבערשען געפרעגט — תורה מה כתיב בה?

די ערשטע האָט גאָט געענטפערט, לא תרצח; די צווייטע, לא תגנוב. האָבען די בני עשו און בני ישמעאל צוריקגעוויזען גאָט'ס תורה, צוליעב די געזעצען וואָס זיינען אין געגענגאַץ פון די התנהגות פון זייערע אורעלטערען, וואָס איז זיי פארבליבען בירושה. שפּעטער אז דער רבונו של עולם איז געקומען געבען די תורה צו די בני ישראל האָט ער אָנגעהויבען מיט „אָנכי" — דערקלעהרט מיר רבי, פארוואָס האָט דער אויבערשטער אויף די פראגען פון די בני עשו און בני ישמעאל, תורה מה כתיב בה, געענטפערט

זיי, לא תרצח לא תגנוב און די בני ישראל, האָט ער גלייך אָנגע־הויבען מיט אנכי, איז דאָך גאַנץ מעגליך, ווען דער רבונו של עולם וואָלט די בני עשו און בני ישמעאל געענטפערט מיט אנכי וואָל־טען זיי אויך, גליך ווי די בני ישראל, מקבל באהבה געווען גאָט׳ס תורה ? ...

האָט דער ראַדזינער רבי פאַרטראַכט זיך א ווײַלע און האָט דעם שאלה פרעגער אזוי אָבגעענטפערט :

— עס איז דער סדר העולם, אז א רב, אדער רבי, מאַכט חתונה זיין טאָכטער צו א חתן, וועמענס אורעלטערען זיינען געווען גנבים אָדער רוצחים זאָל ער מזהיר זיין דעם חתן — איך גיב דיר מיין טאָכטער פאַר א פרוי, בתנאי זה, זאָלסט ניט טאָן כמעשה אָביך, וואָס אזאַ אזהרה איז לחלוטין איבעריג און נוצלאָז ווען דעם אורעלטערענס חתן זיינען געווען צדיקים תמימים.

והשנית — האָט דער ראַדזינער צוגעגעבען — היות, ווי די אלע פעלקער האָבען אָנגעהויבען שרייבען און לייענען פון לינקס צו רעכטס, האָט דערפאַר דער אויבערשטער אויף די שאלות פון די בני עשו און בני ישמעאל, וואָס אין גאָט׳ס תורה שטעהט, געענט־פערט זיי לויט׳ן סדר ווי זיי שרייבען און לייענען, פון לינקס צו רעכטס. מילא, איז אויסגעקומען די ערשטע געבאָטען פון די עשרת־הדברות לא תרצח, לא תגנוב ; די אידען אָבער וואָס האָבען אָנגע־הויבען שרייבען און לייענען פון רעכטס צו לינקס, האָט דער אוי־בערשטער דארום גערעדט צו זיי פון רעכטס צו לינקס, איז דעריבער דער ערשטער דיבור געווען אנכי ...

---

# וועגען תשעה באב

א באַוואוסטער רב, וועלכער איז בטבע געווען אַן עצוב, פלעגט תמיד אַרומגעהן פאַרטראַכט, פאַראומערט און אומעטיג, איז איינ־מאָל געקומען פאַר א שבת קיין פשיסכע. דער פשיסכער באַמער־קענדיג תיכף דעם אורח׳ס עצבות׳דיגקייט, האָט זיך גלייכגילטיג

באצויגען צו איהם, האָט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט, האָט איהם כמעט ווי איגנאָרירט. פארשטעהט זיך, אז דעם באוואוסטען רב האָט דעם פּשיסכער'ס ביטול'דיגע באציהונג לגבי איהם שטארק וועה געטאָן, אז עס איז געקומען מוצאי שבת קודש, האָט דער רב פון גרויס פארדראָס איינגעפּאקט זיין געפּעק, גרייט אוועקצופאָהרען, ער איז אָבער פריהר אריינגעגאנגען צום פּשיסכער זיך געזעגענען.

— איהר ווילט זיך שוין געזעגענען? — האָט איהם דער פּשיסכער מיט פארוואונדערונג געפרעגט — זייט מוחל, וואַרט צו ביז מאָרגען נאָך חצות, די הייליגקייט פון שבת קודש איז נאָך אינ־גאנצען ניט אויסגעוועפּט.

— דער רבי זאָל מיר מוחל זיין — האָט דער רב מיט אינערליך גוט ארויסגעוויזענעם פארדראָס געענטפערט דעם פּשיסכער — איך פארשטעה ניט די כונה פון צו וואַרטען ביז מאָרגען, זונטאג, נאָך חצות.

— איך וועל אייך געבען צו פארשטעהן — האָט דער פּשיסכער מיט א שמייכעל אָבגעענטפערט — צו שבת־קודש אז ס'קומט אן אורח־הגון, איז ער איהם תמיד מכבד לויט זיין שטאַנד אין ערך. למשל, אז ס'געפאלט ראש־השנה אדער חנוכה אין שבת, איז איהם שבת מכבד מיט מפטיר און מוסף פון ראש־חודש. אז יום־טוב גע־פאלט אום שבת, גיט שבת אוועק דעם יום־טוב דאָס גאנצע דאווע־נען, לייענען און מפטיר, אז דער הייליגער טאָג יום כפור געפאלט אום שבת, איז איהם דער שבת מכבד אפילו מיט די שבת'דיגע מאכלים, אז עס געפאלט אָבער תשעה־באב אום שבת, איז איהם דער שבת אינגאנצען מבטל, איגנאָרירט איהם, אנערקענט איהם ניט פאר קיין אורח, ווייל קיין טרויעריגע, אומעטיגע, עצבות'דיגע אורחים וויל דער שבת קודש ניט האָבען.

אזא טרויעריג פאראומערטען אורח — האָט דער פּשיסכער מיט'ן פינגער אָנגעוויזען אויפ'ן רב — איז שבת קודש מדחה, הייסט איהם קומען צומאָרגענס, זונטאג. היות, ווי איך פיהל נאָך מוצאי־שבת, די הייליגע קדושה פון שבת, וועט איהר דעריבער, אזוי גוט זיין קומען זיך געזעגענען מאָרגען, זונטאג נאָך חצות...

דער אלעקסאנדערער רבי האָט אין די ניין טעג געמאַכט אַ סיום אויף א מסכתא. ווי דער מנהג, האָט ער געפּראַוועט א סיום בחברותא, מיט א פליישיגע סעודה. נאָך דער סעודה האָט ער געטאַנצט מיט די חסידים און געשריען אויף פּויליש — „האָליי דאָזשאַ, בעז קאַשאָלי" (טאנצט א סך אָהן א העמד...)

---

מ'האָט דערצעהלט דעם רבין מלובלין, אז די מתנגדים זאָגען, דער טאָג ווען דער רבי וועט שטאַרבען, וועלען זיי מאַכען א סעודה גדולה.

— זאָגט זיי — האָט דער רבי מלובלין מיט א שמייכעל געענטפערט — אז אינ'ם טאָג ווען איך וועל שטאַרבען, וועלען זיי אפילו קיין טרונק וואַסער קענען טרינקען. אזוי איז טאַקע געווען, דער רבי מלובלין איז געשטאָרבען אים תשעה באָב.

---

די באַקאַנטע אגדתא אין גיטין, אקמצא ובר קמצא חריב ירושלים, האָט ר' מאיר'ל פרימישלאַנער אויסגעטייטשט אויף פאָלגענדען כאַראַקטעריסטישען אופן.

אקמצא ובר קמצא חריב ירושלים — צוליעם א גביר און אן אָרימאַן, איז די שטאָדט ירושלים חרוב געוואָרען. אן עושר ווערט גערופען קמצא (עשירים מקמצין) אן אָרימאַן, א קבצן, ווערט גערופען דער היפוך — בר קמצא.

דהאי גברא דרחימיה קמצא ובעל דבביה בר קמצא — אזוי איז נאַטירליך. די רייכע, די עשירים, האָבען זיך ליעב און די אָרימעלייט, די קבצנים, האָבען זיי פיינט. עביד סעודתא, דער נגיד, דער עושר, האָט געמאַכט א סעודה.

אמר ליה לשמעיה, האָט ער געזאָגט צום שמש, זיל אייתי לי קמצא, — געה רוף מיר צו דער סעודה, בלויז נגידים. אייתי ליה, בר קמצא, — האָט דער שמש דורך א טעות איינגעלאַדען א קבצן צו דער סעודה.

אמר ליה — האָט דער בעל סעודה געזאָגט צום אָרימאַן, מרדכי האי גברא, בעל דבבא דהאי גברא — קבצן, ווי קומסטו אהער, וואָס פאר א מחותן אדער חשוב ביסטו דאָס ביי מיר, וואָס האָסטו

זיך געזעצט ביים טיש צווישען אלע נגידים, בראש הקרואים? —
וואָס טוסטו דאָ? מארש! ארויס פון דאַנען!

הואיל ואתאי שבקן, ויהיבנא לך דמי סעודתי, מה דאכילנא ושתינא — גלויב מיר, האָט איהם דער אָרימאַן אָפּגעענטפערט, — איך וועל פון דער סעודה ניט צונעמען אזוי פיעל כח וויפיעל שפיכות דמים דו האָסט מיר איצט פאַרשאַפט מיט דיין עפענטליכע באלייידיגונג, לאָמיך שוין זיצען ביז איבער דער סעודה.

אמר ליה — האָט דער רייכער בעל סעודה אבגעענטפערט — לא, ניין, איך וויל דיך דאָ ניט האָבען, ארויס קבצן!

אמר ליה — האָט דער אָרימאַן געזאָגט — יהיבנא לך דמי כולה סעודתך — בארעכען נאָר, די גאַנצע סעודה דיינע האָט דאָך ניט די ווערט דעם בזיון און שפיכות דמים, וואָס דו פאַרשאַפסט מיר, האָב מיטלייד מיט מיר, פארגים מיר ניט מיין בלוט!

נקטיה בידיה, ואוקמיה ואפקיה — מיט גרויס חוצפה און עזות, האָט דער רייכער בעל סעודה אָנגענומען דעם אָרימאַן ביים קאָלנער און האָט איהם ארויסגעשטעלט אונטערן טיר.

אמר, האָט דער אָרימאַן געזאָגט, הואיל ויתבי רבנן ולא מיחו — אזוי איז דאָס פאר'חושכ'טע לעבען פון אָרימאַן. אלע חנפ'נען דעם עושר, אפילו רבנן שווייגען, ווען דער רייכער באַגעהט אן עולה נעגען דעם אָרימאַן, אויך רבנן חנפ'נען דעם עושר. איזל איכול בהו קורצא לבי מלכא — דער איינציגער וואָס וואָגט זיך אָנצונעמען די קריוודע פון עלענדען און אָרימען איז דער רבונו של עולם, ענטפער איך איבער מיין משפט צום אויבערשטען און איך זאָג: — האר פון דער וועלט מרדו בך יהודאי, די אידען האָבען מורד געווען, זיי פאָלגען ניט אוים דיינע פארזאָגען, וואָס דו האָסט געבאָטען אין דער תורה אז מ'זאָל האָבען רחמנות אויף דעם אָרימען און עלענדען.

שדר להו קורבנא — דער ארימאַן איז אימער דער קרבן, דקאתי שדא ביה מומא בניב שפתים, ואמרי לה, בדוקין שבעין — תמיד געפינט דער רייכער א חסרון, א מום אינ'ם אָרימאַן, אז ביי א סעודה עסט ער און טרינקט צופיעל, קוקט מיט שפיציגע נייגעריגע אויגען אויף די שיסלען עסען, וויל אלץ פארשלינגען, איז מקנא דעם עושר, נעמט איהם איבער מיט די אויגען. דלדידן הוא מומא—פאר די אָרימעלייט, פאר די קבצנים איז דאָס א גרויסער גוואַלדיגער חסרון,

ולדידהו לא הוא מומא, צו זיי, צו די רייכע, וואָס פרעסען און טרינ־
קען, זיינען גרויסע בעלי־גופים, זוללים וסובבים, טוען אַלץ וואָס
עיקר וועהטאָג וואָס דער רשע האָט והבוטח בד׳ חסד יסובבנהו —
קיין מום, קיין שום חסרון, נאָר א גרויסע מעלה...

---

א חסיד — האָט דער קאָצקער געזאָגט — איז מבטל די וועלט
און דער וואָס ווארפט אוועק די וועלט איז א חסיד.

---

רבים מכאובים לרשע — האָט דער קאָצקער געטייטשט — דער
עיקר וועהטאָג, וואָס דער רשע האָט, והבוטה בד׳ חסד יסובבנהו —
וואָס גאָט באהאנדעלט דעם בוטח בה מיט חסד און גוטסקייט.

---

על מי לנו להשען, אלא על אבינו שבשמים, דער וואָס ווייסט
דאָס — האָט דער חידושי הרים געזאָגט — פעהלט אים גאָר נישט...

---

אדם ביקר ולא יבין — האָט ר׳ מאיר׳ל פרימישלאַנער גע־
טייטשט — א מענש וואָס מען טיילט צו גרוים כבוד (יקר — וגדול)
ולא יבין, ער פאַרשטעהט זיך נישט, טראַכט זיך אז ס׳קומט איהם
אזוי, אז ער איז טאַקע אזא גרויסער מענש, האלט זיך דארום גאוה׳דיג,
בלאָזט פון זיך, אזא מענש — נמשל כבהמות נדמו, איז גאָר נישט
קיין מענש, איז גלייך ווי א בהמה...

---

א גלח האָט אמאָל געפרעגט ר׳ יונתן אייבישיץ — אייערע
חכמים זאָגען, צוליעב דער תורה וואָס איהר אידען לערענט, עקזיס־
טירט די וועלט, מיט וואָס איז די עקזיסטענץ פון דער וועלט געזיכערט
אין דער נאכט פון „ניטעל״ (אין דער געבורטס־נאכט פון אותו־
האיש) ווען ביי אייך אידען איז א מנהג אין דער נאכט ניט צו
לערנען ?

— אונזערע חכמים האָבען גלייכצייטיג געזאָגט — האָט איהם
ר׳ יונתן אייבשיץ מאָמענטאַל אָפגעענטפערט — אז מנהג ישראל
תורה, דארום דאָס אליין וואָס מיר אידען האַלטען פון מנהג, ניט
צו לערנען אין דער נאכט פון ניטעל, אָט דאָס אליין איז גלייך ווי
מיר וואָלטען געלערענט די תורה...

דער חידושי הרים האָט געזאָגט: די גוטע מדות וואָס אַ מענש באַזיצט, אָט דאָס אַליין איז חסידות.

---

אני עבדך בן אמתך — דוד המלך האָט גע'טענה'ט פאַר'ן רבונו של עולם, האָט דער דינובער געזאָגט — הגם איך בין טאַקע אַ שוטה איז דאָך אָבער דער שוטה דיינער און צו וועמען זאָל איך זיך ווענדען, אויב ניט צו דיר?

---

יברך יראי ד' הקטנים עם הגדולים, מיר בעטען ביים רבש"ע — האָט ר' שלמה לענטשנער געזאָגט — אַז די יראי ד', די גאָטס־פאָרכטיגע פרומע אידען זאָלען זיך ניט גרויס האַלטען, זאָלען ניט געשטרויכעלט ווערען מיט גאות, זאָלען זיך האַלטען גלייך ווי די קטנים, ווי די פּראָסטע איינפאַכע אידען.

---

ר' חיים צאַנזערס זוהן, ר' ברוך גאָרליצער, איז איינמאָל גע־קומען צום פאָטער, פאַרלאַנגט ער זאָל איהם פינאַנציעל אַרויסהעלפען ער זאָל קענען חתונה מאַכען זיין טאָכטער.

— איך האָב איצט גראַד ניט קיין געלט, מיין זוהן — האָט איהם ר' חיים צאַנזער געענטפערט.

מיט עטליכע טעג שפּעטער זיינען קיין צאַנז געקומען עטליכע גרויסע גבירים, האָבען איבערגעלאָזט אַ באַדייטענדע סומע געלט דעם רבי'ן. האָט דעם צאַנזער'ס זוהן, ר' ברוך, געפרייט זיך, ער איז געוועזן זיכער ביי זיך, אַז דאָס געלט פון די נגידים האָט דער פאָטער גענומען פאַר איהם, איצט, האָט ער געטראַכט, וועט איהם אָהן שוועריגקייטען געלינגען דורכצופיהרען אַלע חתונה פּלענער פאַר זיין טאָכטער.

גלייך אָבער ווי די נגידים האָבען פאַרלאָזט דעם צאַנזער'ס חדר, האָט ר' חיים שנעל געשיקט רופען אַ שטאָדטישען אָרימען אידען, וואָס האָט געהאַט עטליכע טעכטער בוגרת'ן חתונה צו מאַכען, און האָט איהם אַוועקגעשענקט דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט גע־קראָגען פון די נגידים, ער זאָל אַ שידוך טאָן מיט זיינס אַ טאָכטער.

אַז ר' ברוך גאָרליצער איז שפּעטער מיט אַ האַרץ פול מיט האָפנונג אַריינגעקומען צום פאָטער, פאַרלאַנגט פון איהם דאָס

געלט, וואָס ער האָט געקראָגען פון די נגידים, האָט איהם דער צאַנזער געזאָגט — דאָס געלט האָב איך אָוועקגעגעבען צו אַ אידען, וואָס האָט עטליכע בוגרת'ן חתונה צו מאַכען און איז נעבאַך אַ גרויסער קבצן.

— פאַרוואָס באַהאַנדעלסטו מיך אַזוי? — האָט דעם צאַנזער'ס זוהן ביטערליך זיך צעוויינט פאַר'ן פאָטער — האָסטו דאָך גאַנץ גוט געוואוסט, אַז איך דאַרף נויטיג האָבען דאָס געלט חתונה צו מאַכען מיין טאָכטער, בין איך דאָך אויך אַן אָרימאַן, פאַרוואָס בין איך, דיין אָרימער זוהן, ערגער פון יענעם פרעמדען אָרימאַן?...

— קלאָג ניט אַזוי, מיין זוהן — האָט איהם ר' חיים צאַנזער רחמנות'דיג געענטפערט — דו ביסט אודאי אַנדערש פון יענעם פרעמדען שטאָדטישען אָרימאַן: דו, מיין זוהן, קענסט אַרויספאָהרען אין די שטעדט וואו מ'קען אונז ביידען, וועט מען אָהן ספק צונויפזאמלען גענוג געלט פאַר דיר, זאָלסט בכבוד גדול קענען חתונה מאַכען דיין טאָכטער מיין אייניקעל. נישט אַזוי איז אָבער דער מצב פון יענעם אָרימען נעבאַך, אַז איך וועל איהם ניט געבען, ווער וועט זאָרגען פאַר איהם און פאַר זיינע בוגרת'ן?...

---

אַ קינדערלאָזע פרוי איז איינמאָל געקומען צו ר' מאיר פרימישלאַנער, געוויינט פאַר איהם, ער זאָל בעטען פאַר איהרט וועגען ביי גאָט זי זאָל האָבען אַ קינד.

אינ'ם זעלבען מאָמענט איז אַריינגעקומען אַן אַלטער איד, אַ טרעגער, געקלאָגט זיך פאַר'ן פרימישלאַנער — היות, אין די יונגע יאָהרען איז ער געווען אַ בעל כח, האָט ער געטראָגען אַלע שווערע משאות אויף זיינע אַקסלען, איצט איז ער שוין אַלט, האָט מעהר ניט קיין כח צו טראָגען אויף זיינע אַקסלען קיין שווערע משאות, בעט ער דערום דעם פרימישלאַנער, אויב ס'איז מעגליך מען זאָל צונויפקלייבען פאַר איהם אַ נדבה, ער זאָל קענען קויפען אַ פערד מיט אַ וואָגען, אַרויפצולייגען די משאות, פאַרשפאָרען זיי צו טראָגען אויף זיינע מיעדע אַקסלען.

האָט דער פרימישלאַנער פאַרטראַכט זיך אַ ווייַלע און זיך געווענדעט צו דער קינדערלאָזער פרוי:

— ביז אהער האָסטו געפיהרט סדר נשים און ער, דער טרעגער, האָט געטראָגען, גיב איהם איצט געלט צו קויפען א פערד מיט א וואָגען, וועט ער פיהרען און דו וועסט טראָגען...

---

ווען די חסידים קומען צו מיר — האָט דער קאָצקער אמאָל געקלאָגט זיך — שטעל איך זיי גלייך, מאַך זיי פאַר מענשען, פאַר אידען, פאַר חסידים, פאָהרען זיי נאָר אוועק פון מיר און קומען א צווייט מאָל, זיינען זיי גאָר ניט די זעלבע, דערקען איך זיי גאָר נישט...

---

דער מאמר חז"ל: אין מחזיקין במחלוקת — האָט דער אלעקסאנדערער רבי געטייטשט — זאָלסט קיין קריג ניט האַלטען פאַר קיין מחלוקה, וועסטו ממילא מיט יעדען שטענדיג לעבען בשלום.

---

דעם באַקאַנטען מאמר: „אם אין אני לי מי לי, וכשאני לעצמי מה אני, ואם לא עכשו, אימתי", האָט דער חידושי הרים אויף פאַרגענדען אופן אויסגעטייטשט:

— יעדער מענש דאַרף פאַר זיך טאָן דאָס, וואָס קיין אַנדערער קען פאַר איהם דאָס ניט טאָן, מוז דעריבער דער מענש תמיד טראַכטען, אם אין אני לי, —אז איך וועל פאַר זיך אליין ניט זאָרגען, מי לי — ווער וועט צוגעהן און טאָן עפּעס פאַר מיר. וכשאני לעצמי און אז דאָס וואָס איך דאגה און טו איז תמיד פאַר מיר, האָב איך בלויז זיך אין דער מחשבה, דער כלל, די אַרומיגע מענשען פאַראינטערעסירען מיך נישט — מה אני? — ווער און וואָס בין איך?

ואם לא עכשו — כידוע, איז דאָך יעדע מינוט און יעדע רגע באַשטימט פאַר'ן מענשען וואָס עפּעס אַנדערש צו טאָן, אויב ער וועט נישט טאָן דאָס וואָס עס איז פאַר איהם באַשטימט אין דער שעה און אין דער רגע — אימתי? — ווען וועט ער דאָס טאָן, ווייל די שפּעטערדיגע שעה און רגע איז דאָך שוין פאַר עפּעס אַנדערש באַשטימט צו טאָן...

---

דעם פסוק לא תיראי, כי לא תבושי, לא תכלמי כי לא תחפורי — האָט דער קאָצקער געטייטשט — לא תיראי, פאַרוואָס האָבען די

היינטיגע משכילים ניט קיין מורא כי לא תבושי, ווייל זיי שעהמען זיך נישט. לא תכלמי, פארוואס שעהמען זיי זיך ניט, כי לא תחפורי — ווייל זיי גראבען זיך ניט טיעף אריין אין זיך זעלבסט.

---

ובתורתך כתוב לאמר אין דער תורה שטעהט אזוי געשריבען — האט דער קאזמירער רבי געזאגט — א איד זאל לערנען משניות, גמרא, הלכות, דינים, שמע ישראל, פון דעם לערנען דארף אבער א איד הערען און וויסען אז ד' אלקינו ד' אחד.

---

א איד איז אמאל געקומען צום חידושי הר"ם, געקלאגט זיך פאר איהם, אז ער מיט זיין בני־בית ליידען גרויס דחקות, דאס לעבען איז איהם נמאס, ער פיהלט ווי אוועקצואווארפען די וועלט.

— וואס מיינסטו, פיהלסטו אוועקצואווארפען די וועלט? — האט איהם דער חידושי הרי"ם געפרעגט — די וועלט איז עפעס דיינע? דאס וואס איז ניט דיינס, קענסטו ניט אוועקווארפען.

---

לעולם יעשה אדם עצמו כשור לעול וכחמור למשא — גלייך ווי דער אקס און אייזעל טראכטען נישט, קוקען נישט אויב זייער ארבייט איז פאר זיי פאסיג אדער שעהן, פונקט אזוי — האט דער חידושי הרי"ם געזאגט — דארף א מענש אין ענין עבודת־הבורא קיינמאל ניט קוקען, אויב זיינע מעשים אדער התנהגות זיינען שעהן אדער זיי געפעלען מענשען.

---

המהולל בפה עמו, אז א מענש היט זיין אייגען מויל — האט ר' מענדעלע קאסיוווער געזאגט — ער רעדט ניט קיין דברים בטלים, היט זיך צו רעדען לשון הרע, מישט זיך ניט אין יענעמס עסקים, משובח ומפואר — אזא מענש באשיינט זיך זעלבסט און ווערט פון יענעם געלויבט.

---

דער קאצקער האט אמאל געזאגט צו א חסיד, ווען דו וואלסט געקאנט זעהן אין שפיגעל ווי געמיין דו ביסט, וואלסטו דאס נישט אויסגעהאלטען . . .

דברים היוצאים מן הלב, נכנסים ללב — האָט דער פּשיסכער געטייטשט — ווען דאָס האַרץ איז איבערפילט מיט רייד, עס איבער־גייט, דאַמאָלט נכנסים ללב — גיסען זיך די רייד איבער אין אנדער האַרץ.

---

טוב פּת חריבה ושלוה בה — ווי אזוי שלמה המלך האָט געקראָ־גען די דערפאהרונג צו זאָגען דעם פּסוק אין משלי, האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי דערצעהלט פאָלגענדע לעגענדאַרישע מעשה׳לע.

נאָך דעם ווי דער אשמדאי האָט שלמה המלך ארונטערגע־וואָרפען פון זיין כסא־ממלכתו, האָט איהם אויף הונדערטער מיילען ווייט אוועק פאַרוואָרפען פון דער שטאָדט ירושלים און שלמה איז ווי א וואהנזיניגער, נע־ונד ארומגעגאַנגען פון שטאָדט צו שטאָדט און געשריען — אני שלמה, איז ער אָנגעקומען אין א דאָרף אריין. איין דאָרפס־מאַן האָט לכבוד שלמה המלך פאַרגעברייטעט ביי זיך אין שטוב א גרויסאַרטיגע סעודה מיט כל׳ערליי מאכלים און גע־טראַנקען, האָט איינגעלאַדען אַלע איינוואוינער פון דאָרף, פאַר׳ן עסען האָט דער דאָרפס־מאַן, דער בעל־סעודה, זיך אויפגעשטעלט און געהאַלטען אַזאַ דרשה פאַר די אנוועזענדע פאַרזאַמעלטע.

— מיינע פריינד! איהר זעהט — האָט ער מיט׳ן פינגער אָנגעוויזען אויף שלמה המלך — דעם דערשלאָגענעם אָרימאַן, דאָס איז שלמה המלך. ער איז אמאָל געווען א מעכטיגער קעניג, א גרויסער חכם, א הערשער און געוועלטיגער ניט בלויז איבער מענ־שען, נאָר אפילו איבער די חיות און פויגעל פון פעלד און וואלד. פאַר זיין וואָרט און באַפעהל האָבען ניט בלויז פעלקער געציטערט, נאָר אפילו שדים און רוחות אין דער מדבר. און איצט, זעהט מיינע פריינד, וואָס אויף דעם מענשען איז געקומען. זעהט דעם צער, יסורים וואָס איז אויסגעשפּרייט אויף זיין פּנים — אָט דאָס קאָן טרעפען דעם מענשען!

אז שלמה המלך האָט געהערט דעם דאָרפסמאַנס דרשה, האָט פאַר איהם אויפגעוואַכט דער כבוד און גרויסקייט פון אמאָל, עס האָט איהם דערמאָנערט פון׳ם קעניגליכען פראַכט און גלאַנץ־הער־שאַפט און געוועלטיגקייט וואָס ער איז אמאָל באַזעסען, זיין האַרץ האָט איהם פאַרקלעמט, טרערען האָבען איהם געשטיקט אין האַלז,

פון גרויס צער און וועהטאָג האָט ער קיין זאַך ניט געקאָנט טועם זיין פון די גרויסע סעודה און איז אוועק פון טיש א הונגעריגער.

אז ער איז אָנגעקומען אין א דערבייאיגער שטאָדט, האָט ער אָנגעטראָפען א חסיד און דערצעהלט איהם ווער ער איז, האָט דער חסיד איהם אויסגערעדט זיין פארביטערט הארץ — ער זאָל ניט דאגה'ן, כאָטש איצט איז ער פארוואָרפען פון זיין היים אין קעניג־ליכער טראָהן־שטול, זאָל ער אָבער ניט זאָרגען, ער וועט נאָך רעגירען, קעניגען ווי פריער. הויפטזעכליך זאָל ער תמיד זיין לוסטיג ניט אראָבגעפאַלען — ער איז שלמה המלך און וועט צוריק זיין שלמה המלך. ער האָט שלמה'ן איינגעלאַדען צו זיין טיש, כאָטש איך בין אן אָרימאַן — האָט ער שלמה'ן געזאָגט — וואָס עס וועט זיין אין שטוב וועלען מיר צוזאַמען עסען מיט שמחה. בעת'ן גאַנצען עסען האָט ער שלמה המלך געהאַלטען אין טרייס־טען. פון דער אָרימער סעודה ביים אָרימען חסיד אין שטוב, האָט שלמה המלך מעהרער הנאה געהאַט, ווי פון די בעסטע געשמאַק־סטע מאכלים. אז שלמה המלך האָט נאָך דעם ווי ער האָט זיך צוריק באַזעצט אויף דעם טראָהן־שטוהל און האָט אָנגעשריבען זיין ספר משלי, האָט ער צוליב די צוויי מאָלצייטען וואָס זיינען פארבליבען אין זיין זכרון בעת ער איז געווען נע־ונד אריינגעשרי־בען דעם פסוק — טוב פת חריבה ושלוה בה...

---

דער חסרון פון פרומען איז, האָט דער קאָצקער געזאָגט, וואָס ער מאַכט פון טפל אן עיקר, און פון עיקר א טפל.

---

דער משמש ביים קאָצקער רבין האָט איינמאָל הויך זיך גע־בייזערט אויף עטליכע חסידים, וואָס זיינען אריינגעקומען אין רבינ'ס קליינעם בית־המדרש, דערפאַר וואָס זיי האָבען אריינגע־בראַכט אויף זייערע שיך שטויב און שמוץ. ווען דער רבי האָט געהערט פארוואָס דער משמש בייזערט זיך אויף די חסידים, האָט ער געזאָגט צום משמש.

— פייוועל, וואָס שרייסטו אויף זיי, ווייסטו ס'שטעהט אין פסוק — אשרי הגבר אשר מלא את אשפתו מהם? ...

דעם חידושי הרי"ם איז אמאל געווען צו־גאסט ביים ריזשינער אין גאליציע, האט איהם דער ריזשינער געפרעגט:

— מאכט מען א שאסיי אין פוילען?

— גראד איצט מאכט מען טאקע א נייעם שאסיי.

— ווער האט אנגענומען די ארבייט צו מאכען דעם שאסיי, אידען אדער גוים?

— ווי ווייט מיר איז באקאנט, דאכט זיך, אז אידען האבען אונטערגענומען די ארבייט.

— הערסטו, ווי דען — האט דער ריזשינער געזאגט — אודאי האבען אידען אונטערגענומען די ארבייט פון שאסיי, ווייל ווער קען דען מאכען א נייעם וועג, אויב נישט קיין אידען?...

---

צוויי שותפים זיינען אמאל געקומען צום ווארקער רבין ער זאל אנשרייבען פאר זיי א שטר־שותפות, האט דער ווארקער רבי גענומען א שטיק ליידיג פאפיר און אנגעשריבען — א. ב. ג. ד.

— וואס פאר א שטר־שותפות איז דאס? — האבעןביידע שותפים מיט פארוואונדערונג געפרעגט דעם ווארקער.

— הלואי זאלט איהר ביידע אבהיטען דעם שטר־שותפות — האט זיי דער ווארקער אבגעענטפערט — וועט אייער שותפות האבען א קיום און איהר וועט האבען הצלחה. די ראשי־תבות פון די אותיות מאכען. א.—אמת. ב—ברכה. ג—גזל. ד—דלות.

---

דער פשיסכער האט געזאגט, אז מענש דארף אימער זיין לוסטיג און פרייליך, אפילו די פרייליכקייט איז א געמאכטע, אן ארויפגעצוואונגענע איז אלץ בעסער ווי מרה־שחורה, ווייל עצבות, טרויער איז אודאי אן אבסאלוטער שקר.

---

טוב תורה עם דרך־ארץ — האט ר' מענדעלע קאסיווער געטייטשט — די תורה ביים מענש איז נאר דעמאלט גוט, ווען דער מענש פיהרט זיך אויפ'ן זעלבען דרך ווי די ערד.

פון דער ערד קריגען מיר אלע מיני מאכלים, געטראנקען, מלבושים. יעדער לעבעדיג באשעפעניש ווערט געשפייזט, ציהט זיין יניקה, זיין חיות פון און יעדער זאך וואס ער וויל נאר, טוט

ער אויף דער ערד. מען טרעט, מען אקערט, מען גראבט, מען רייסט מען שפייט אויף דער ערד. פון דער באשאפונג פון דער ערד ביז היינט האט נאך פונדעסטוועגען די ערד ניט רעוואלטירט, זי זאל מיט שטאלץ זיך אויפהויבען און זאגען — איך וויל דאס ניט פארטראגען, איך וויל דאס מעהר ניט דולדען, נאך דעם ווי איהר אלע ווערט געשפייזט פון מיר, זאלט איהר מיך אזוי געמיין און שענדליך באהאנדלען. אט אויף דעם זעלבען דרך דארף זיך אויפפיהרען א איד א בן־תורה. הגם אלע לערנען פון איהם, ווע־רען געשפייזט פון זיין תורה, דארף ער אלעמען קענען סובל זיין, זיך ניט גרויס האלטען, ארומגעהן מיט גאות, נאר האלטען זיך אזוי נידריג גלייך ווי די ערד.

---

עס איז פאראן א גרויסער קאנטראסט פון די פארצייטיגע חוקרים, משכילים צו די היינטיגע, האט דער חידושי הרי"ם געזאגט.

די פארצייטיגע חוקרים, משכילים, נאך דעם ווי זיי האבען געלערנט, געלייענט, איינגעזאפט אין זיך תורת משה, די רייד פון אונזערע נביאים, די לעהרע פון אונזערע חכמים און רעליגיעז אידיש וויסען, זייער יסוד, דער פונדאמענט איז געוועזן אמת, עהר־ליך, אבסאלוט אידישער לימוד. שפעטער אז זיי האבען אנגע־הויבען לייענען און לערנען פרעמדע תורה און וויסענשאפטען, האבען זיי געזוכט ראיות, געבראכט באווייזען פון אונזער תורה און חכמים, אז די פרעמדע לעהרע איז אמת. באם זיי האבען אזעלכע ראיות און באווייזען געפונען אין דער תורה, איז דאס פאר זיי געוועזן א באשטעטיגונג אז זייער שכל אין די פרעמדע וויסענשאפטען זיינען אויך אמת.

די היינטיגע חוקרים און משכילים לערנען ניט די אידישע תורה, די אידישע נביאים. אידיש וויסען איז ביי זיי בטלנות, זייער וויסען באשטעהט בלויז פון לערנען פרעמדע תורות, זוכען זיי צו ברענגען ראיות צו דער תורה פון זייער שכל און פרעמדען וויסען, דעריבער דאס וואס זיי פארשטעהן ניט אין דער תורה מיט זייער ארימען שכל, לייקענען זיי די אידישע תורה.

א קאָצקער חסיד, א גביר איז פּלוצים געוואָרען א יורד, האָבען דעם רבינ׳ס מקורבים זיך פאַר איהם משתדל געווען, אז דער רבי זאָל פאַר איהם גאָט בעטען ער זאָל מצליח זיין.

— אויב ער איז א מאמין, א חסיד, און א ירא שמים, פעהלט איהם גאָר נישט — האָט זיי דער קאָצקער געענטפערט.

---

דער פּשיסכער האָט אמאָל געזאָגט, די צייט איידער משיח וועט קומען וועט זיין זומער אָהן היצען, ווינטער אָהן קעלטען, לומדים אָהן תורה, חסידים אָהן חסידות און נגידים אָהן געלד.

---

האי עלמא כבי הילולא דמיא — האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי דערקלערט דעם מאמר חז״ל, למשל, א פּראָווינציעלער איז געקומען אין א גרויסער שטאָדט, בייניאַכט האָט ער פון שכנות׳דיגען הויז געהערט שפּילען טאַנצען און זינגען, ווי אויף א חתונה, האָט ער געטראַכט, מסתמא מאַכט דער שכן חתונה זיין זוהן. די צווייטע נאַכט האָט זיך ווידערהאָלט דאָס זעלבע, אזוי האָט ער כמעט אונ־אויפהערליך יעדע נאַכט געהערט שפּילען, טאַנצען און זינגען פון שכנ׳ס הויז, האָט ער איינמאָל געפרעגט זיך ביי א צווייטען שכן:

— דערקלערט מיר, וואָס טוט זיך דאָ אין שכנות׳דיגען הויז. דער בעל־הבית פון הויז, האָט דען אזוי פיעל זיהן און טעכטער ווי די צאָהל טעג פון יאָהר, וואָס ער פּראַוועט יעדע נאַכט א חתונה? . . .

— שוטה, קליינשטעטעלדיגער — האָט דער שכן געלאַכט פון איהם. — די חתונות אינ׳ם שכנות׳דיגען הויז זיינען ניט פון איין בעל־הבית, וואָס האָט אזוי פיעל קינדער, דאָרט איז א גרויסער, פּרעכטיגער, באַקוועמער זאַל, ווער עס מאַכט חתונה א קינד קריגט ער דאָרט דעם זאַל, טאַנצט, זינגט און איז זיך דאָרט משמח. די אַלע בייניאַכטיגע שמחות זיינען ניט פון איין מענשען, יעדע נאַכט איז דאָרט אן אנדערע חתונה און יעדע נאַכט טאַנצט, זינגט און שפּילט אן אנדערער מחותן.

און אָט דאָס איז דער טייטש — האָט דער אַלעקסאַנדערער רבי געזאָגט — האי עלמא כבי הילולא דמיא. די וועלט איז גלייך ווי א חתונה שטוב. שמחות, פריילכקייט, לוסטיגקייט און טאַנצען

איז אויף דער וועלט תמיד פאראן, אבער איינער טאנצט שטענדיג; היינט טאנצט דער, מארגען טאנצט אַן אנדערער און ווער ס׳וועט זיין דער קומענדער טאנצער, שפילער און זינגער, ווייסט קיינער נישט...

---

דער ווארקער רבי האָט געזאָגט, אז אַ איד ווערט ר״ל קראנק זאָל ער קודם כל רופען א דאָקטאָר, נעמען דעם דאָקטאָרס מעדיצין, פּינקטליך אויספאָלגען די אינסטרוקציעס פון בורא־רפואות. אז דעם חולה ווערט ניט בעסער זאָל מען זאָגען תהילים — נורא תהלות. אז דער חולה ווערט אלץ ניט בעסער — אדון הנפלאות, דארף דער חולה האָבען רחמים.

---

יגיע כפיך כי תאכל — האָט דער קאָצקער געזאָגט — אז דו וועסט עסען פון דער ארבייט, פון דיינע הענט, אז וואויל און גוט וועט זיין צו דיר. פונקט דאָס פארקערטע וועט זיין, ווען דיין עסען וועסטו פארדינען — מיגיע מחשבותיך...

---

לעולם יעשה אדם עצמו כשור לעול, דער מענש דארף קיינ־מאָל ניט טראכטען פון דער ארבייט וואָס ער האָט אָבגעטאָן — האָט דער חידושי הרי״ם געזאָגט — נאָר פונקט ווי דער אָקס אין שפאַן דארף ער טראכטען פון דער ארבייט וואָס ער טוט איצט.

---

דעם באַקאַנטען מאמר חז״ל אין בן דוד בא, עד שתכלה פרוטה מן הכיס — האָט דער חידושי הרי״ם אויסגעטייטשט — משיח בן דוד וועט ניט קומען ביז דאָס אָנגעזאמעלטע געלד אין די בייטלען פון די עשירים, וואָס גיבען ניט קיין צדקה און טוען ניט קיין גמילות חסד, וועט איינגאַנצען זיך אויסלאָזען, זיי וועלען דאָס גאנצע געלד ביז א פרוטה פארלירען.

# בראשית

בראשית, דאָס ערשטע דאַרף אַ איד וויסען, — האָט דער זידיטשאָווער גענאָגט — אַז דער רבונו של עולם האָט באַשאַפען הימל און ערד און אַז גאָט איז אַן אחד, יחיד ומיוחד.

---

ויהי מקץ ימים ויבא קין מפרי האדמה מנחה לה' וכו'. ואל קין ואל מנחתו לא שעה — האָט דער פשיסכער געזאָגט — אַז דערפאַר האָט גאָט איגנאָרירט קין'ס מנחה, ווייל ער האָט זי געבראַכט ביים סוף פון זיינע טעג, אויף די עלטערע יאָהרען...

---

דער קאָזשעניצער מגיד האָט געזאָגט, אַז יעדער מענש האָט אין זיין נאַטור און כאַראַקטער עפּעס פון די אוראַלטע ערשטע פאַר־צייטיגע דורות. קנאה פון קין און הבל, תאווה פון דור המבול, דעם פאַרלאַנג פאַר כבוד פון דור הפלגה...

---

צום קאָזשעניצער מגיד איז איינמאָל געקומען אַ איד און געקלאָגט זיך פאַר איהם, אַז זיין פרוי איז אַ מרשעת, אַן ארורה, דאַקוטשעט איהם, פאַראומערט איהם דאָס לעבען.

— נו, ווייסטו ניט וואָס מען טהוט? — האָט איהם דער מגיד מיט אַ שמייכעל אָפּגעענטפערט — אין דער תורה שטעהט, ודבק באשתו, מאַכען די ראשי תיבות פון „ודבק" אין פויליש — „ווענזש דאָברי בזעזיני קיאָ, בי אשתו"... (נעם אַ גוטען בזשעזענעם שטעקען, שלאָג דיין פרוי)...

א חסיד האָט שבת בראשית געפרעגט ר׳ אברהמ׳עלע פאַרסיווער. אין דער היינטיגער סדרה ווערט געבראַכט, ווען קין האָט גע׳הרג׳עט זיין ברודער הבל, האָט איהם גאָט געפרעגט: — קין, אי הבל אחיך, — האָט קין אָפּגעענטפערט: — לא ידעתי, השומר אחי אנכי. באַמערקט דערויף רש״י, נעשה כגונב דעת העליונה, קין האָט זיך געטראַכט אז ער גנב׳עט דעם דעת־המקום, איז דאָך קשה, האָט דען קין ניט געוואוסט אז פאַר׳ן רבונו של עולם איז קיין זאַך ניט פאַרבאָרגען, ס׳איז ניט געמאָלט צו גנב׳ענען דעם דעת המקום?

אין מכילתא ווערט געבראַכט — האָט ר׳ אברהמ׳עלע פאַריסעווער נאָך א ווײַלע פאַרטראַכטען זיך אָפּגעענטפערט דעם מקשן

— ווען דער רבונו של עולם האָט משה׳ן געגעבען די עשרת־הדברות, זיינען זיי געווען צוטיילט אין צוויי טיילען, חמשה דברות כנגד חמשה, ממילא איז אויסגעקומען דער זעקסטער געבאָט „לא־תרצח״ אנטקעגען דעם ערשטען געבאָט „אנכי״, וואָס דאָס איז מרמז, ווער עס הרג׳עט א מענשען פאַרמינערט ער דעם ערשטען געבאָט „אנכי״, מחמת דער גע׳הרג׳עטער דיענט דאָך מעהר ניט דעם בורא עולם. טאָ אָט דאָס האָט השי״ת געפרעגט קינ׳ען:

— קין, אי הבל אחיך? — וואו איז די עבדות, דאָס דינען דעם אנכי פון דיין ברודער הבל, האָסט גע׳הרג׳עט דיין ברודער, האָסטו דאָך גורם געווען צו פאַרמינערען דאָס עבדות פון אנכי.

אָט אויף דעם האָט קין אָפּגעענטפערט:

— לא ידעתי, השומר אָחי אָנכי—דאָס האָב איך ניט געוואוסט, אז איך בין פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם אנכי פון מיין ברודער, אז דורך דעם וואָס איך האָב גע׳הרג׳עט מיין ברודער הבל, האָב איך פאַרקלענערט דעם אנכי, אָט פון דעם, לא ידעתי, האָב איך ניט געוואוסט...

---

# נח

אלה תולדות נח — נח איז געווען אַן איש צדיק, האָט דער חידושי הרי"ם געזאָגט — אין זיין מענשליכער אויפפיהרונג און אין זיין באַציהונג צו מענשען.

---

אַ מתנגד האָט אַמאָל געפרעגט דעם קאָצקער רבי'ן — ווער איז דער אמת'ער צדיק פון היינטיגען דור ?

— מה־דאָך איר ווייסט ניט ווער איז דער צדיק הדור — האָט איהם דער קאָצקער מיט אַ שמייכעל אָפּגעענטפערט — איז ער אייך ווי אַ שפּין אין די אויגען, מכל־שכן אז איהר וואָלט נאָך געוואוסט !...

---

אלה תולדות נח, נח איש צדיק, תמים היה בדורותיו, עס איז דער דרך־הטבע פון עלטערען — האָט דער איד הקדוש געזאָגט — אַז מעהרסטענס יעדער פאָטער, מיט גאָר ווייניג אויסנאַמען, דאגה'ט זיין גאַנץ לעבען, איז תמיד באַשעפטיגט, פאַרהאָרעוועט און פאַריאָגט פאַר זיינע קינדערס וועגען. פאַר זיך אַליין דאַרף אַ פאָטער קיינ־מאָל גאָר נישט און דאגה'ט ניט וועגען זיך. שטעלט אדרבה אָפּ וועלכען פאָטער אין גאַס, פרעגט איהם — וואָס ארבייטסטו ? וואָס לויפסטו ? פאַר וועמענס וועגען ? גלייך וועט ער ענטפערען — פאַר די קינדער. אַזוי איז דער דרך העולם, אַ דור נאָך אַ דור.

ביז'ן היינטיגען טאָג איז אָבער נאָך ניט געווען קיין איינציג קינד וואָס זאָל האָבען פולשטענדיג צופרידענגעשטעלט דעם פאַר־דאגה'טען און פאַרהאָרעוועטען טאַטען, דאָס קינד זאָל זיין דאָס, וואָס דער פאָטער האָט געשטרעבט און געוואונשען זיין קינד זאָל אויסוואַקסען, זאָגט דעריבער די תורה עדות אויף נח'ן — אלה תולדות נח — נח איז אַנדערש געווען, ער האָט זיך ניט פאַרנאַכ־לעסיגט, זיין גאַנץ לעבען האָט ער ניט אוועקגעגעבען פאַר די קינ־דערס וועגען, געהאָרעוועט, געפּראַצעוועט, געיאָגט און געהאָוועט פאַר זייערט וועגען, נח האָט ראשית כל גע'דאגה'ט פאַר זיך זעלבסט, פאַר'ן אייגענעם גוף און נשמה.

דאָס זיינען די תולדות פון נח — נח אליין איז געווען אַן איש צדיק, אַ תמים, ער האָט זיין לעבען ניט אָפּגע׳פּטר׳ט און אָפּגעאַרבייט מיט׳ן תירוץ — אַלץ פאַר די קינדערס וועגען. נח איז אַנדערש געווען, ער האָט ניט געלעבט אין דעם עולם התהו, האָט זיך ניט אָפּגענאַרט, ווי דער שטייגער פון דאָס רוב עלטערען, האָפּען זייערע קינדער וועלען אויסוואַקסען יראים ושלמים, לייטישע מענ־שען, — ניין, נח האָט געזאָרגט, געאַרבייט פאַר זיך זעלבסט, ער אַליין איז געווען פאַר זיך דער זוהן פון האָפענונג, פון פאָלקאָמענהייט, פון צדקות. דרשנ׳ען דעריבער מאַנכע חכמים, זיינע מעשים לגנאי, — קריטיקירען זיין לעבענס שטייגער, האַלטען זיין דרך פאַר עגאָאיס־טיש, פאַר אייגען ליבע, און מאַנכע חכמים דרשנ׳ען איהם לשבח,— האַלטען זיין דרך פאַר לויבענסווערדיג און ריכטיג אויסגערעכענט, זאָגט דעריבער די תורה תיכף אין דער התחלה:

אלה תולדות נח — נח׳ס דרך, זיך אַליין צו פאַרזאָרגען, איז געווען דער ריכטיגער, אַנשטאַט צו דאגה׳ן און אַרבייטען פאַר זיינע קינדער, ווי דער שטייגער פון דאָס רוב עלטערען, האָט נח געזאָרגט פאַר זיך אַליין — נח איש צדיק תמים.

---

צהר תעשה לתבה — האָט דער קאָצקער געטייטשט — זאָלסט אַריינלייכטן מיט׳ן אמת׳ן טייטש אין וואָרט...

---

דערפאַר האָבען פיש זוכה געווען צו פאַרבלייבען אימער אַ מאכל מלכים, זאָלען תמיד זיין פון די מאכלים חשובים אויפ׳ן טיש — האָט דער פשיסכער געזאָגט — ווייל די פיש האָבען פאַר דער צייט פון מבול ניט פאַרדאַרבען זייער וועג, האָבען אָרענטליך, עהרליך און אַנשטענדיג געפיהרט זייער לעבען...

---

# לך לך

ר׳ אהרן קאַרלינער האָט געזאָגט: דער איד, וואָס איז ביי זיך אין דער היים אַ גאַנצער איד, פאָהרט ער נאָר אַרום אונטערוועגענס, ווערט ער אַ האַלבער איד. דער איד, וואָס איז אין דער היים אַ האַלבער איד, ווערט אונטערוועגענס אַ פערטעל איד...

דערפאר האט אברהם אבינו געבעטען ביי גאט, אז ישמעאל זאל לעבען — האט דער חידושע הרי"ם געזאגט — כדי יצחק זאל ניט בלייבען קיין בן־יחיד.

---

ומלכי צדק מלך שלם, הוציא לחם ויין, והוא כהן לאל עליון, — האט ר' מאיר'ל פרימישלאנער, אויף פאלגענדען איינגענארטיגען כאראקטעריסטישען אופן אויסגעטייטשט:

כידוע, איז מלכי צדק געווען שם בן נח, ער איז געווען א גרויסער צדיק, א למדן, א גדול־הדור, א באריהמטער רבי פון חסידים. פלוצים האט מלכי צדק זיך דערוואוסט, אז ס'איז אויפגעשטאנען א נייער רבי, נאך גאר א יונגערמאנטשיק, זיין נאמען איז ר' אברהמ'עלע. טויזענטער חסידים לויפען הערען זיין תורה, זיינס א ווארט. אפילו זיינע אייגענע חסידים, די חסידים פון מלכי צדק, פארלאזען זייער אלטען רבי'ן, לויפען צום טיש פון נייעם רבי'ן.

האט שם בן נח אנגעהויבען זיך פאראינטערעסירען, נאכפרעגען זיך וועגען דעם דרך און התנהגות פון דעם יונגען רבי'ן, ר' אברהמ'עלע, האט ער זיך דערוואוסט, אז דער יונגער רבי איז א גרויסער מכניס־אורח, האט א סך טירען אין שטוב, האלט אלע טירען אפען פאר ארימעלייט און איז מקבל בסבר פנים יפות יעדען אריינקומער און דורכגעהער.

— אויב דאס איז זיין עבודות — האט שם בן נח געזאגט — איז דאך דער ר' אברהמ'עלע ניט קיין רבי, נאר פשוט א גרויסער מכניס־אורח!

— דער ר' אברהמ'עלע, דער יונגער רבי — האט מען שם בן נח איבערגעגעבען, — איז אויך א גרויסער בעל צדקה!

— דאס מאכט איהם נאך אלץ ניט פאר קיין רבי — האט דער אלטער רבי, שם בן נח, געזאגט — נאר פאר א גרויסען בעל־צדקה.

אז שם בן נח האט געזעהן, אז דעם יונגען רבי'נס השפעה ווערט מיט יעדען טאג אלץ גרעסער, טויזענטער פון זיינע אייגענע חסידים פארלאזען איהם, לויפען בעסער צום יונגען רבי'ן, ר' אברהמ'עלע, האט ער זיך מיישב געווען און באשלאסען בכבודו ובעצמו צו פאהרען פאר א שבת צום רבי'ן ר' אברהמ'עלע, מיט די אייגענע אויגען

צו זעהן די התנהגות און דרך פון דעם יונגען רבי׳ן, אויסער זיינע וועלט באוואוסטע מעלות און גאסטפריינדליכע מדות אלס מכנים אורח און בעל צדקה.

און אט דאס זאגט דער פסוק — ומלכי צדק מלך שלם, שם בן נח, הוציא לחם ויין, האט אברהם אבינו׳ס הכנסת אורחים און צדקה געבען, געשטעלט מן הצד. ער האט מיט די אייגענע אויגען געוואלט זעהן אברהם **אבינו׳ס דרך און התנהגות. און ווען ער איז געקומען צו** אברהם אבינו, האט געזעהן זיינע הימלישע דרכים און געטליכע הנהגות, **אז ער איז א גרויסער עובד השם, א קדוש עליון,** א כהן לאל עליון — ויברכהו, האט ער איהם געבענטשט, און דער אלטער רבי, שם בן נח, איז געווארען דעם יונגען רבי׳ן ר׳ אברהמ׳עלעם א הייסער חסיד...

---

## וירא

וירא אליו ד׳ באלני ממרא — האט דער קאצקער געטייטשט — גאט האט זיך שטענדיג באוויזען ביי איהם, ביי אברהם אבינו. ער איז אבער ביי זיך געווען אזוי שפל׳דיג, אז איהם האט זיך תמיד אויסגעדאכט, והוא ישב פתח האהל — אז ער זיצט ביים טיר און איז ווייט פון אהל ד׳.

---

פתח האהל — לראות אם יש עובר ושב, ויכניסם בביתו (רש״י).

אברהם אבינו איז געזעסען ביים טיר פון זיין געצעלט — האט **דער פשיסכער געזאגט — כדי צו זעהן אויב ס׳זיינען פאראן דורכ־** געהער — מענשען וואס באגעהען אן עבירה, אדער עולה, האבען **תיכף חרטה, טוען מאמענטאל תשובה, באדויערען זייער אומגערעכטע** טאהט, אט די מענשען האט אברהם אבינו אריינגענומען אין שטוב און האט **זיי העכסט ליב און גאסטפריינטליך באהאנדעלט.**

---

ווען דער רבי ר׳ בונם איז געווען א קינד איז צו זיינע עלטערען אין הויז אמאל געקומען צו גאסט א באוואוסטער גאון. דער קליינער בונם האט שוין דאמאלט גע׳שמ׳ט פאר אן עילוי, האט איהם דער

גאון געבעטען, ער זאָל פאַר איהם זאָגען אַ דבר חידוש אין לערנען. האָט דער קליינער בונם געהן מסכים געווען, האָט בלויז געבעטען דערלויבעניש פון פאָטער און גאון אריינצוגעהן אין דעם חדר מיוחד, וואָס פלעגט תמיד שטעהן גרייט פאַר אורחים, מעיין צו זיין, וועלכען ענין ער זאָל זיך פאַרטראַכטען און עפּעס מחדש זיין.

אַז ס'איז פאַריבער אַ לענגערע צייט, דער פאָטער און גאון האָבען געוואַרט און דער קליינער בונם איז נאָך אַלץ פון אָפּגעזונ־דערטען חדר ניט אַרויסגעקומען, זיינען זיי געוואָרען אומגעדולדיג, זיינען אריינגעגאַנגען אינ'ם צימער, האָבען זיי געטראָפען שטעהן דעם קליינעם בונם אַ פאַרשמייעטען, מיט אַרויפגעשאַרטע אַרבעל, האָט אויסגערייניגט און דורכגעלופטערט דאָס צימער, געמאַכט צו רעכט דאָס בעט וואו דער גאון, דער גאַסט, האָט באַדאַרפט די נאַכט איבערנעכטיגען.

— אָט דאָס איז דיין חידוש, וואָס דו האָסט זיך אָפּגעזונדערט אַזאַ צייט, עפּעס מחדש צו זיין פאַר אונזער חשוב'ען אורח ? — האָט דער פאָטער מיט פאַרדראָס געבייזערט זיך אויפ'ן קליינעם בונם.

— אָט דאָס איז טאַקע דער חידוש — האָט דער קליינער בונם, נאַאיוו און תמימות'דיג אָפּגעענטפערט — מיין חידוש איז בענין הכנסת אורחים, ווען אַן אורח קומט אין שטוב אַריין, דאַרף ראשית־כל פאַר איהם צוגעגרייט ווערען אַ מקום ללון — אַ נאַכטלעגער, פריהער נאָך פאַר'ן געבען איהם עסען, כדי דער גאַסט זאָל קענען עסען במנוחה ובישוב הדעת און הנאה האָבען פון עסען און אָט דאָס — האָט ער געוויזען אויף דעם אויפגערוימטען און דורכגע־לופטערטען צימער — האָב איך געמאַכט גרייט פאַר אונזער חשוב'ען אורח.

---

פון אברהם אבינו — האָט דער חידושי הרי"ם געזאָגט — דאַרף יעדער איד זיך אָפּלערנען, שטענדיג אין אַלע צייטען און אין אונטער אַלע אומשטענדען, מקיים צו זיין די מצוה פון הכנסת אורחים.

געווען איז אונזער שטאַם־פאָטער אַ מלך, אַ נביא, אַ זקן, בן מאָה שנים, אַ חולה ג' למילתו, האָט נאָך פאַרדעכטיגט, אַז די

דריי אַנקומענדע אורחים זיינען אראבער, געצען דינער. פונדעסט־וועגן איז ער אַליין, נישט דורך אַ שליח, געלאָפען מקבל פּנים זיין, די דריי אורחים בסבר פּנים יפות.

---

דער חמדת שלמה איז געווען אַ גרויסער מכניס־אורח. זיין שטוב איז שטענדיג געווען אָפען פאַר דורכגעהער און אָרימעלייט, וואָס פלעגען פריי, אָהן שום שאלות, ביי איהם עסען, טרינקען און שלאָ־פען. האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסען די וואַרשעווער ראשי־העיר, מאַכען אַ פאַרוואורף דעם חמדת שלמה פאַר זיין ברייטהאַרציגער באַציהונג צו די אָרימעלייט, האָבען זיי ניט געוואָלט, האָבען זיי זיך מיישב געווען און האָבען באַשלאָסען איבערצובייטען דעם רב'ס אַלטע אָפּגענוצטע מעבעל פאַר נייע קאָסטבאַרע, אַזוי אַרום האָבען זיי געמיינט, וועט דער רב מעהר ניט דערלויבען די אָנגעלאָפענע אָרימעלייט זאָלען זיך צושפּרייטען ביים רב אין שטוב, שעדיגען און פאַראומרייניגען די נייע ווערטפולע מעבעל.

אַז מ'האָט אַריינגעבראַכט די נייע מעבעל, די ווייכע אויסגע־בעטעטע שטוהלען און קאַנאַפּעס אין רב'ס שטוב, האָט דער חמדת שלמה תיכף פאַרשטאַנען די כונה פון די וואַרשעווער ראשי־העיר, האָט ער באַלד, אין זייער אַנוועזענהייט, אַריינגעזעצט זיך אין יעדער געבעטעטער שטוהל און קאַנאַפּע און מיט גרויס צופרידענהייט געזאָגט צו די וואַרשעווער ראשי העיר:

—עס קומט אייך באמת אַ גרויסער יישר כח, אויף אַזעלכע געבעטעטע שטוהלען און קאַנאַפּעס וועט זיין אַ גרויס פאַרגעניגען צו זיצען און שלאָפען, די אָרימעלייט וועלען זיך פּשוט מחיה זיין...

---

אַן אָרימאַן איז אַמאָל אין אַ קאַלטער ווינטער נאַכט אָנגע־קומען קיין גאָסטינין. זוכענדיג אַ שטוב ערגעץ וואוהין אַריינ־צוגעהן זיך אָנצוואַרימען און איבערנעכטיגען, האָט ער געטראָפען אין חדר מיוחד פון גאָסטינינער רבי'ן. דער רבי האָט געזעהן דעם פאַרפרוירענעם אָרימאַן, האָט ער איהם אויפגענומען העכסט גאַסט־פריינדליך, האָט איהם געגעבען אַ ברייטען שלום עליכם און געפרעגט איהם, וואָס איז זיין בקשה.

— איך קום איצט פון וועג — האָט דער אָרימאַן, ניט וויסענדיג אַז דאָס איז דער גאַסטינינער רבי, געענטפערט — אין דרויסען איז אַ שטאַרקער פראָסט, איך בין הונגעריג, דורכגעפרוירען, כ׳האָב ניט וואו איבערצונעכטיגען די נאַכט, האָב איך געזוכט אַ אידישע שטוב. אין אַלע הייזער איז פינסטער, נאָר דאָ ביי אייך האָב איך געזעהן לייכט זיך, בין איך דאָ אריינגעקומען.

— זעהר גוט האָט איהר געטאָן — האָט איהם דער גאַסטינינער מיט צופרידענהייט געענטפערט. ער האָט גלייך פאַרמאַכט די גמרא, האָט דעם אורח מכבד געווען מיט אַ טרונק בראַנפען און לעקאַך. נאָך דעם האָט דער אורח ערשט געבעטען עסען, האָט דער רבי געגישטערט צווישען די כלים אין שטוב, אַז ער האָט קיין אָפּגעקאָכט מאכל ניט געפונען, נאָר אַ ביסעל טרוקענע אומגעקאָכטע קאַשע, האָט דער רבי אויסגעוואַשען די קאַשע, צוגעשטעלט אויפ׳ן פייער, געהיטען אַז די קאַשע זאָל ניט צוברענען. אַז די קאַשע איז פאַרטיג געוואָרען, האָט ער מיט פעטס, וואָס ער האָט געפונען אין שטוב, באַשמאַלצען די קאַשע, און דערלאַנגט דעם אָרימאַן עטליכע שיסעלאך באַשמאַלצענע קאַשע.

אַז דער אורח האָט געזאָגט, אַז ער איז שוין זאַט, האָט דער גאַסטינינער אָנגעגאָסען צוויי גלעזער טיי—פאַר זיך און פאַר׳ן אורח — און צוזאַמען מיט׳ן גאַסט געטרונקען גוט אָנגעצוקערטע טיי.

נאָך דעם האָט דער רבי צורעכט געמאַכט זיין אייגען-בעט, וואָס איז ספּעציעל פאַר איהם געשטאַנען אין דעם חדר, האָט דעם אורח געהייסען זיך לייגען שלאָפען. דער אָרימאַן, אַ מידער, אַ זאַטער, אַ צופרידענער פון דער האַרציגער גאַסטפריינדליכקייט פון בעל-הבית, איינגאַנצען דורכגענומען פון דער שטוביגער וואַרימקייט, איז מיט די שטיוועל אַרויפגעקראָכען אויפ׳ן רבי׳נס בעט און מאָמענטאַל געשמאַק איינגעשלאָפען.

גאַנץ פריה, ווען די רבי׳צין האָט געוואָלט אַריינגעהן אין רבי׳נס חדר, צובעטען דאָס בעט, האָט דער רבי איהר ניט אַריינגעלאָזט — איך האָב אַ גאַסט, האָט ער איהר געזאָגט, ער שלאָפט, מ׳טאָר איהם ניט אויפוועקען. אַז ס׳איז געקומען זמן קריאת-שמע, האָט דער רבי אויפגעוועקט דעם אָרימאַן און איז צוזאַמען מיט איהם געגאַנגען אין בית-המדרש אריין דאַווענען.

## דוד קירשענבוים

אז דער אָרימאַן איז אַריינגעקומען אין בית־המדרש, האָט ער תיכף דערוואוסט זיך, אַז דער גוטהאַרציגער בעל־הבית זיינער איז דער גאָסטינינער רבי, איז דער אָרימאַן צוגעלאָפען צום גאָסטינינער, האָט אויסגעבראָכען אין אַ געוויין, געבעטען דעם רבי׳ן מחילה פאַר דאָס שאַפען זיך מיט איהם, איבערהויפט וואָס דער רבי איז צוליב איהם אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען, ווייל ער האָט פאַר־נומען זיין בעט.

— הערט זיך איין, ר׳ איד — האָט איהם דער גאָסטינינער שאַרף מיט געבייזער אָפּגעענטפערט — איהר האָט מיך ניט וואָס איבערצובעטען און איך האָב זיך לחלוטין ניט צו צו אייערע גע־בעטען. ווען טרעפט זיך מיר אַזאַ מצוה הכנסת אורחים מקיים צו זיין, ווילט איהר מיר די מצוה קאַליע מאַכען? ווערט איהר דעריבער פון דאַנען ניט אַוועקגעהן ביז איהר וועט מיר נישט מבטיח זיין, אַז ווען איהר וועט אַ צווייט מאָל קומען קיין גאָסטינין, וועט איהר קוואַרטירען ביי מיר אין שטוב און לאָזען זיך פון מיר באַדינען.

דער אָרימאַן האָט מיט טרערען אין די אויגען געמוזט דעם גאָסטינינער דאָס מבטיח זיין...

---

צום קאָזשניצער מגיד איז אַמאָל געקומען אַ דאָרפס־איד, גע־קלאָגט זיך פאַר איהם, אַז ער איז געווען אַ גרויסער מכנים־אורח, האָט ביי זיך אין שטוב יעדען דורכרייזענדען איד גאַסטפריינדליך בסבר פנים יפות אויפגענומען, צום סוף האָט איהם גאָט געשטראָפט, אַ פייער האָט אויסגעבראָכען אין זיין הויז און ביז׳ן גרונד פאַרניכ־טעט זיין גאַנץ האָב און גוטס.

האָט איהם דער קאָזשעניצער מגיד אויפמערקזאַם אויסגעהערט און אַזוי אָפּגעענטפערט:

כידוע, איז אונזער פאָטער אברהם געווען אַ גרויסער מכנים־אורח. אויף דעם פסוק אין דער תורה, ויטע אשל בבאר שבע, זאָגען אונזערע חכמים אַז די נוטריקון פון וואָרט „אשל״ מאַכען „אכילה״, „שתיה״, „לינה״. אַזוי אַרום האָט אונזער פאָטער אברהם מקיים געווען די מצוה פון הכנסת אורחים און אַזוי איז די פליכט פון יעדען אידען די מצוה מקיים צו זיין. דו אָבער האָסט בלויז מקיים געווען אכילה ושתיה — האָסט אָרימעלייט געגעבען צום

עסען און צו טרינקען, אָבער ניט קיין נאַכטלעגער. די „ל", „לינה", האָסטו ניט מקיים געווען, איז פון וואָרט „אשל" געוואָרען „אש", איז געקומען א פייער און האָט ביי דיר אַלץ פאַרברענט...

---

דער אַלעקסאנדערער רבי האָט געזאָגט, אז א מענש דאַרף שטענדיג האָבען צוויי קעשענעס, צו באַנוצען זיך מיט זיי ווען ס'איז פאַר איהם נויטיג. איין קעשענע זאָל ער האַלטען בשבילי נברא העולם, די צווייטע קעשענע זאָל ער האַלטען — אנכי עפר ואפר...

---

ויאמרו אליו איה שרה אשתך, ויאמר הנה באהל — די מלאכים האָבען געהערט אין הימעל — האָט דער פשיסכער געטייטשט דעם פסוק — וועגען דער גרויסקייט און חשיבות פון אברהם אבינו. אריינקומענדיג צו אברהמ'ען אין שטוב האָבען זיי מיט די אויגען געזוכט אין אַלע ווינקעלאַך צו זעהן עפּעס פון אברהמ'ס גדלות און האָבען קיין שום זאַך ניט באַמערקט. האָבען זיי געטראַכט, אפשר וועלען זיי פון אונזער מוטער שרה דערוויסען זיך עפּעס וועגען די הויכע מדרגות פון אונזער טאַטען אברהם — ויאמרו אליו, האָבען די מלאכים געפרעגט זיך אברהמ'ען — איה שרה אשתך — וואו איז דיין ווייב שרה? אברהם האָט אָבער פאַרשטאַנען זייער כוונה, האָט ער זיי אָפּגעענטפערט — הנה באהל, שרה איז א צנועה און איהר קענט זיך פון איהר גאָר נישט דערוויסען!...

---

א חסיד האָט אַמאָל געפרעגט ר' דוד אמשינאָווער'ן וועגען ישמעאל'ן זאָגט די תורה, ויהי ה' עמו ויגדל, ויהי רבה קשת. איז דאָך קשה, ווען גאָט איז געווען מיט איהם, פאַרוואָס איז ער געוואָרען א רבה קשת, א פיילען בויגען שיסער, א מגושם'דיגער מענש, א פרא אדם?...

— טאַקע אין דעם זעלבען פסוק איז פאַראַן דער תירוץ — האָט איהם דער אמשינאָווער געענטפערט — ויהי ד' עמו, גאָט איז געווען מיט איהם, — ויגדל, איז ישמעאל ביי זיך גרויס געוואָרען, האָט אָנגעהויבען בלאָזען פון זיך, איז געוואָרען א גרויסער בעל-גאווה, דעריבער האָט איהם גאָט דערנידעריגט צו אזא שפּל'דיגער

מדרגה, און געמאַכט פון איהם אזא גראָבען מגושמ׳דיגען נפש — א רבה קשת !...

---

עטליכע בעלי־בתים פון א דערבייאיג שטעדטעל ארום סאַסעוו זיינען אמאָל געקומען צו ר׳ משה ליב סאַסעווער מיט א שטאַרקער אָנקלאַגע געגען זייער שטאָדטישען שוחט, און האָבען פאַרלאַנגט, אז דער סאַסעווער, זאָל דעם שוחט זייערען מעביר זיין פון שחיטות.

מיט עטליכע טעג שפּעטער איז איין איד פון זעלבען שטעדטעל געקומען צום סאַסעווער, דערצעהלט איהם, אז די עטליכע בעלי־בתים, וואָס האָבען גערעדט שלעכטס אויפ׳ן שוחט, זיינען דעם שוחט׳ס שונאים, זוכען זיי דעריבער דעם שוחט צו באַרויבען פון זיין פּרנסה. האָט דער סאַסעווער אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו די רייד פון דעם אידען, האָט איגנאָרירט די אָנקלאַגע פון די עטליכע בעלי־בתים.

אז די עטליכע שטאָדטישע בעלי־בתים האָבען זיך דערוואוסט, אז דער סאַסעווער האָט זיך גיכער צוגעהערט צו די רייד פון דעם אידען, זיינען זיי געקומען מיט א טענה צום סאַסעווער :

— היתכן, פאַרוואָס זייט איהר גיכער נוטה זיך צוהערען צו די רייד פון א יחיד און באַציהט זיך מיט ביטול צו די רייד פון א רבים ?

האָט דער סאַסעווער אַזוי געענטפערט :

— אין פּרשת העקדה ווערט געבראַכט, אז דער רבונו של עולם, בכבודו ובעצמו, האָט געבאָטען אונזער פאָטער אברהם, ער זאָל שעכטען זיין איינציגען זוהן יצחק. אברהם אבינו האָט געהערט דעם געבאָט פון גאָט אליין, פאַרשטעהט זיך, דעריבער האָט ער געוואָלט אליין זיך מתעסק זיין מיט דער מצוה, אליין שפּאַלטען די האַלז, בינדען יצחק׳ן. אז ער האָט גענומען דאָס מעסער אין האַנט צו שעכטען זיין זוהן, איז פּלוצלונג א מלאך געקומען צופליהען און האָט באַפעלעריש אויסגעשריען :

— אל תשלח ידך אל הנער, ואל תעש לו מאומה, און אברהם האָט איהם באַלד צוגעהערט. איז דאָך אין פּלוג קשה, היתכן, ווי קומט דאָס אז אונזער טאַטע אברהם זאָל אַזוי גיך אויספאָלגען דעם באַפעל פון א מלאך, וואָס איז געווען פּונקט להיפּוך וואָס ער האָט

געהערט פון גאָט אַליין, וואָס דאָס איז אודאי און אודאי אַ גרעס־סערער חילוק פון צוהערען זיך גיכער צו אַ יחיד, איידער צו אַ רבים?...

— נאָר פון דעם לערנען מיר — האָט דער סאָסעווער פאַרענדיגט — אַז אַ מענשען צו קוילענען מוז מען הערען פון גאָט אַליין און אפילו נאָך דעם, אַז גאָט האָט געהייסען דעם מענשען קוילענען און אַז עס וועט שפּעטער קומען אַ קליין מלאכ׳ל, וועט זאָגען ניט צו קוילענען, זאָל מען גיכער אויספאָלגען דאָס קליינע מלאכ׳ל דעם מענ־שען ניט צו קוילענען — צו באַרויבען איהם פון זיין פרנסה...

---

ויקח את שני נעריו אתו — מיינט נישט, האָט דער וואָרקער רבי געזאָגט — אַז אברהם אבינו האָט איבעראַל וואוהין ער איז געגאַנגען גענומען מיט זיך צוויי יונגען, שומרים. די ראשי תיבות פון „נער" מאַכען — נפש שפלה, עין טובה, רוח נמוכה, אָט די דריי מדות האָט אברהם אבינו תמיד מיט זיך גענומען וואוהין ער איז געגאַנגען . . .

---

ויכרתו שניהם ברית — דאָס וואָרט שניהם איז דאָך אינגאַנצען איבעריג. קיין אַנדערע ווי אברהם און אבימלך זיינען דאָך דאָרט ניט געווען, האָט דאָך באַדאַרפט שטעהן ויכרתו ברית?

— דער תירוץ איז — האָט דער רבי ר׳ בונם געענטפערט — אברהם אבינו האָט פאָראויסגעזעהן די צוקונפט פון דאָס אידישע פאָלק, אַז ס׳וועט זיין צוזייעט און צושפּרייט צווישען די פעלקער, האָט אונזער טאַטע אברהם מורא געהאַט, דאָס די אידען זאָלען אַמאָל זיך ניט אָפּלערנען די מעשים פון די פעלקער און ווערען גלייך ווי זיי, דעריבער האָט ער געמאַכט אַ בונד, אַז תמיד זאָלען זיין „צוויי" ניט „איינער", צווישען די אידען און די אומות־העולם זאָל קיינמאָל ניט הערשען קיין פולשטענדיגע אחדות און אמת׳ע התחברות, אימער זאָלען די אידען פאַרבלייבען אָפּגעזונדערט, אייגענאַרטיג — „שניהם", צוויי ניט „איינער"...

## חיי שרה

— ותקח הצעיף ותתכס — פונ׳ם ווארט „צעיף״ — האט דער ראזדאלער רבי געזאגט — לערנען מיר, אז אונזער מוטער רבקה האט געבעטען רחמים ביים אויבערשטען, אז אידען זאלען האבען פרנסה. די נוטריקון פון „צעיף״ מאכען — עמך ישראל צריכין פרנסה...

---

— אברהם אבינו איז נפטר געווארען אין חודש טבת — האט ר׳ הירש מלך דינאווער געזאגט — די ראשי תיבות פון „ת״קבר „ב״שיבה „ט״ובה מאכען — טבת.

---

— ומשמע, ודומה, ומשא האט דער רבי ר׳ בונם געטייטשט — א מענש דארף אמאל הערען, ווי מ׳באליידיגט איהם, ודומה, און זאל פארשווייגען, גאר ניט אפענטפערען — ומשא, זאל דאס געדולדיג פארטראגען.

---

## תולדות

ואלה תולדות יצחק, — איזה חכם הרואה את הנולד — פון דעם נולד פון דאס קינד, דערקענט מען דעם טאטען — האט דער פשיסכער געזאגט — אז אברהם הוליד את יצחק...

---

— מכרה כיום, יעקב און עשו — האט ר׳ נפתלי ראפשיצער געזאגט — האבען זיך איינגעטיילט מיט ביידע וועלטען. יעקב האט זיך גענומען עולם הבא און עשו — עולם הזה. יעקב אבינו האט אבער איינגעזעהן, אז פאר א אידען איז ניט מעגליך צו האבען א חלק עולם הבא, ביז ער איז ניט מקיים עפעס פון די מצות התלויות בארץ, וואס האבען א שייכות מיט עולם־הזה, האט דעריבער יעקב געזאגט צו עשו׳ן, מכרה כיום, די ראשי תיבות פון „כיום״ מאכען „כולם ישבעו ויתענגו מטובך״ — פארקויף מיר אביסעל עולם־הזה׳דיגע גוטסקייט, וואס איך דארף פאר מיין עולם הבא...

א יונגערמאַן, וואָס האָט געגעסען קעסט ביים שווער, איז געקומען צום פּשיסכער פרעגען אַן עצה, אויב ער זאָל אין דער צייט וואָס ער זיצט און לערענט, אויך פּרואווען מיט עפּעס צו האַנדלען. האָט איהם דער פּשיסכער אַזוי געענטפערט:

די תורה הקדושה דערצעהלט, ויאהב יצחק את עשו, כי ציד בפיו, זאָגט רש"י, עשו האָט געוואוסט צו פאַנגען און צו נאַרען זיין פאָטער מיט זיין מויל, ער האָט איהם געפרעגט: — אבא היאך מעשרין את המלח ואת התבן? האָט זיין פאָטער יצחק געמיינט, אַז עשו איז אַ מדקדק במצות.

איז דאָך קשה, וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט אַזאַ עבודה, מעשר'ן זאַלץ און שטרוי, לגבי דער עובדה פון יעקב, וואָס איז געווען אַן איש תם, יושב אוהל, געזעסען יום ולילה און געלערענט תורה?

דער תירוץ איז, יצחק האָט געמיינט אַז יעקב איז אַ גרויסער בטלן, די וועלט, דאָס לעבען איז איהם אינגאַנצען פרעמד, האָט קיין דערפאַרונג ניט אין וועלטליכע ענינים און אודאי ניט ברמאות, אויב אַזוי, האָט יצחק געטראַכט, וואָס איז דער חידוש וואָס יעקב דער איש תם זיצט על התורה ועל העבודה — וואָס דען זאָל ער טאָן? ער קען דאָך ניט עפּעס אַנדערש!

עשו, דאַגעגען, איז געווען אַן איש שדה, אַ סוחר, אַ וועלט מענש, פונדעסטוועגען איז ער אַ מדקדק במצות, פרעגט זיך אפילו ווי אַזוי צו מעשר'ן זאַלץ און שטרוי, האָט דארום יצחק אבינו געהאַלטען פון עשו'ס צדקות אַ סך מעהרער ווי פון יעקב'ס. ווען עשו איז אָבער געקומען און דערצעהלט זיין פאָטער יצחק, אַז יעקב, דער איש תם, האָט איהם אָפּגענאַרט, האָט דורך רמאות אַוועקגענומען פון איהם די ברכות, האָט איהם יצחק אָפּגעענטפערט: — איצט זעה איך אַז יעקב איז אַ גרעסערער וועלט מענש, אַ גרעסערער סוחר און רמאי פון דיר, פונדעסטוועגען זיצט ער יום ולילה און לערענט תורה, איז ער דעריבער פון איצט אָן אין מיינע אויגען מעהרער חשוב און געשעצט פון דיר — גם ברוך יהיה, קומט טאַקע איהם די ברכות, ניט דיר...

---

ותקח רבקה את בגדי עשו וכו' ותלבש את יעקב בנה הקטן — יעקב האָט באמת ניט באַדאַרפט זיין פאָטער יצחק'ס ברכה — האָט דער חידושי הרי"ם געזאָגט — אונזער מוטער רבקה האָט אָבער

בנבואה געזעהן, אז יעקב'ס קינדער וועלען זיין צושפרייט און צע־וואָרפען צווישען די פעלקער, וועלען מוזען געהן געקליידעט אין עשו'ס קליידער, און דאמאָלט וועלען זיי דארפען יצחק'ס ברכה...

---

וכל הבארות אשר חפרו עבדי אביו, בימי אברהם אביו, סתמום פלשתים — האָט דער איד הקדוש געטייטשט: אברהמ'ס קנעכט האָבען געזוכט, געפאָרשט, פאַרטיפט זיך אינ'ם נייעם קוואל אמונה, וואָס אברהם האָט זיי געלערענט, זיינען געקומען די פלשתים, האָבען דאָס אלץ געמאַכט צו גאָר נישט, און די אלע טיעפע געדאַנקען און הויכע רעיונות פון דער נייער אמונה, האָבען זיי פאַרשאַטען מיט ערד — באַגראָבען...

---

## ויצא

ויקץ יעקב משנתו — יעדער מענש ווען ער שלאָפט ביינאַכט — האָט ר' מאיר'ל פרימישלאַנער געזאָגט — וועקט ער זיך איבער. דער חילוק איז בלויז, אויב דער מענש איז אַ צדיק, אַ פרומער איד, אז ער וועקט זיך איבער, וואַשט ער תיכף זיינע הענט און זאָגט אכן יש ד' במקום הזה — הויבט זיך אויף, זעצט זיך לערנען און דאַווענען. אַ פּראָסטער איד אַז ער וועקט זיך איבער אינמיטען נאַכט, דרעהט ער זיך איבער אויף דער אנדערער זייט און שלאָפט ערשט געשמאַקער...

---

יעקב אבינו האָט געבעטען ביים רבש"ע ער זאָל איהם געבען לחם לאכל ובגד ללבוש, איז דאָך אין פלוג קשה — האָט דער איד הקדוש געפרעגט — קיין גרעסערע בקשה האָט אונזער טאַטע יעקב ניט געהאַט צו בעטען ביים אויבערשטען?

און אויף דעם האָט ער געענטפערט:

— כידוע, זיינען אונזערע אבות געווען נביאים, זיי האָבען פאָראויסגעזעהן די צוקונפט ביז'ן לעצטען דור. יעקב אבינו האָט ניט געבעטען קיין ברויט און קלייד פאַר זיך. ער האָט בנבואה געזעהן, אז עס וועט זיין אמאָל אזאַ ביטערע צייט, אז צו האָבען ברויט צום עסען און אַ מלבוש אָנצוקליידען, וועט זיין פון די גאָר גרויסע

זאָכען, און אָט פאַר יענער צייט האָט יעקב אבינו געבעטען — לחם לאכל ובגד ללבוש.

---

מיינט נישט — האָט דער רבי ר' בונם שבת פרשה ויצא, זאָגענ־דיג תורה ביים טיש פון דער סדרה פון דער וואָך, געזאָגט צו די חסידים — אז עשו איז געווען א פּראָסטער, גראָבער, מגושמ'דיגער נפש. יעדען שבת פלעגט עשו געהן געקליידעט אין ווייסען, זאָגען תורה פאַר זיינע חסידים ביי אַלע דריי שבת'דיגע סעודות. פאַראַן אפילו א מאמר אין מדרש, לעתיד־לבוא וועט עשו זיצען בראש־כולם, אויף דער מזרח־וואַנט, וועט זיין א מנהיג, א גרויסער בעל־דעה, ביז דער רבש"ע אליין וועט קומען, אָנכאַפּען איהם ביים קאָלנער און איהם אַרויסוואַרפען.

און אויב בעולם הבא, וואָס דאָרטען איז כלו אמת, וועט עשו'ן געלינגען צו פאַרבאָרגען זיין רשעות, פאַלשקייט און באַטרוג און ווערען א מנהיג, א גאַנצער בעל־דעה, קען מען שוין האָבען א באַגריף וויפיעל רשעות, פאַלשקייט, צביעות עשו'ן געלינגט צו פאַרבאָרגען און צודעקען בעולם־הזה וואָס איז כלו שקרים?...

---

# וישלח

וישלח יעקב מלאכים — מלאכים ממש. זאָל אייך ניט קשה זיין — האָט דער איד הקדוש געזאָגט צו די חסידים זיינע — פאַרוואָס אונזער פאָטער יעקב האָט זיך באַנוצט ביים שיקען שלוחים צו עשו'ן מיט אמת'ע מלאכים. ווייל צו ראַטעווען א אידען פון עשו'ס הענט מעג מען מטריח זיין אפילו אַן אמת'ן מלאך פון הימעל.

---

כי יפגשך עשו אחי ושאלך לאמר, למי אתה, ואָנה תלך, ולמי אלה לפניך — עס טרעפט גאַנץ אָפּט — האָט דער חידושי הרי"ם געזאָגט — אז עשו הייסט זיך פאַרטראַכטען, טיפער אַריינבליקען אין די שלשה דברים פון עקביא בן מהללאל — דע מאין באת, ולאָן אתה הולך, ולפני מי אתה עתיד ליתן דין וחשבון...

ויקח מן הבא בידו — האט ר׳ מענדעלע קאצקער געטייטשט — אז א מענש נעמט אלץ וואס קומט איהם אונטער׳ן האנט, טראכט נישט, איז זיך פריהער ניט מיישב, אויב ס׳איז גוט אדער שלעכט, אפילו ער מיינט, אז דאס וואס ער נעמט בלא ישוב הדעת איז לדבר מצוה, איז דאס אלץ — מנחה לעשו...

---

## וישב

לך־נא ראה את שלום אחיך — יעקב אבינו׳ס כונה איז ניט געווען בלויז צו שיקען זיין בן־זקונים, יוספ׳ן, אלס שליח, אום צו זעהן וואס זיינע ברידער טוען אין פעלד — האט דער חידושי הרי״ם געזאגט — מיט אזא שליחות האט אונזער פאטער יעקב גע־קענט שיקען איינעם פון זיינע קנעכט. מיט די אויבענדערמאנטע ווערטער האט יעקב אבינו באצוועקט צו געבען יוספ׳ן אן אונדירעקטע אזהרה, ער זאל אויפהערען זעהן בלויז דאס שלעכטע פון זיינע ברידער, זאל אויפהערען זוכען חסרונות אויף זיי און האלטען צו ברענגען דבתם רעה צום טאטען — נאר ער זאל געהן, זעהן אויך זייערע גוטע מדות, דאס שלימות, די מעלות, זייערע גוטע מעשים...

---

דער חידושי הרי״ם האט געזאגט, יעדער מענש דארף האבען א חבר, אזא נאהענטען איבערגעבענעם פריינד, אז ער זאל איהם קענען דערצעהלען דאס אינערליכסטע פון זיין הארץ, אפילו די שלעכטע און פארדארבענע מעשים זיינע זאל ער קענען זיך פאר־טרויען פאר איהם, פונקט ווי יהודה האט דאס געהאט אין חירה־רעהו!

---

## מקץ

ויהי מקץ שנתים ימים ופרעה חולם — ס׳איז די פליכט פון יעדען אידען — האט דער איד הקדוש איינמאל פרשת מקץ געזאגט צו די ארומיגע חסידים — ער זאל עפענען די אויגען, ווערען וואכעדיג, ווען ער תיכף דערזעהן והנה עמד על היאור אז ער שטעהט ביי דער ליכטיגקייט און ווען ביי דער ליכטיגקייט בלייבען שטעהן...

ויהי מקץ שנתים ימים — האָט ר' מאיר'ל פרימישלאַנער אויס־געטייטשט מיט דאָס פאָלגענדע מעשה'לע:

אַ איד, אַ זקן, איז געקומען אויפ'ן עולם העליון, האָט מען געפרעגט איהם דאָרט:

— ווי אַלט ביזטו?

— 68 יאָהר — האָט ער געענטפערט.

האָט מען נאָכגעזוכט אינ'ם ספר הזכרונות און מ'האָט איהם געזאָגט, לויט ווי דאָרט איז פאַרצייכענט, איז ער בלויז צוויי יאָהר אַלט.

ניט ווייט פון דעם עלטערען אידען איז געשטאַנען אַ יונגער־מאַן. — ווי אַלט ביסטו? — האָט מען דעם יונגענמאַן געפרעגט.

— 18 יאָהר — האָט ער געענטפערט.

האָט מען נאָכגעקוקט אינ'ם ספר הזכרונות און מ'האָט איהם געזאָגט: — אמת, אַזוי פיל האָסטו געלעבט, ביסט טאַקע אַלט 18 יאָהר.

האָט דער עלטערער איד דאָס געהערט און האָט מיט גרויס פאַרדראָס און געבייזער געפרעגט דאָס בית־דין־של־מעלה:

— אַט אַזוי אַרום ווערט אויפ'ן עולם האמת אויסגעטיילט גערעכטיגקייט? איך בין געווען סנדק אויף דער ברית מילה פון אַט דעם יונגענמאַן, איך האָב אָפּגעלעבט 68 יאָהר אויף דער וועלט, זאָגט איהר, אַז איך בין בלויז צוויי יאָהר אַלט, און אַט דער יונגער־מאַן, וואָס איז 18 יאָהר אַלט, זאָגט איהר, אַז טאַקע אַזוי זיינען די יאָהרען זיינע? אַט אַזעלכע יושר'דיגע משפטים ווערען דאָ אויפ'ן עולם האמת אויסגעטיילט? אַט דאָס איז יושר?

— שוטה שבעולם — האָט מען דעם עלטערען אידען אָפּגעענט־פערט — אויפ'ן עולם העליון ווערט דאָס אמת'דיגע לעבען גערעכענט, בלויז יענע טעג און יאָהרען, וואָס דער מענש דינט גאָט, לעבט מיט חשבון, פאַר זיך, פאַר דער געזעלשאַפט. דו האָסט ווירקליך געלעבט 68 יאָהר. ווי אַזוי אָבער האָסטו פאַרבראַכט דיינע טעג און יאָהרען, תמיד ביסטו געווען אריינגעטאָן אין שטותים און אבסורדען, האָסט גאָר ניט גערעכענט אַז דאָס לעבען וועט אַמאָל פאַרגעהן, האָסט געלעבט אָהן חשבון, האָבען זיך פון דיינע 68 יאָהר לעבען אויסגע־טיילט בלויז צוויי יאָהר, וואָס דו האָסט געלעבט ווי אַ מענש, דאַרום

ביסטו אין הימעלשען ספר הזכרונות פארשריבען אז דו האסט בלויז צוויי יאָהר געלעבט.

דער יונגערמאַן האָט זיינע גאַנצע 18 יאָהר פאַרבראַכט אין תורה ועבודה, האָט כמעט אַלע זיינע יאָהרען געלעבט מיט חשבון, ווי אַ מענש דאַרף לעבען, איז ער דארום אינ'ם הימעלשען ספר הזכרונות פאַרשריבען אַז ער האָט געלעבט 18 יאָהר.

און אָט דאָס איז דער טייטש פון פסוק — האָט דער פרימיש־לאַנער פאַרענדיגט — ויהי מקץ — ווען דער סוף פון מענש גרייכט, דער מענש שטאַרבט, קומט אויפ'ן עולם העליון, אויב ער האָט זיינע טעג און יאָהרען מיט נאַרישקייטען פאַרבראַכט, געלעבט אָהן חשבון, איז ראשו ורובו געווען אַריינגעטאָן בהבלי הזמן, אפילו ער האָט געלעבט 68 יאָהר, ווערט פון די יאָהרען ניט מעהר ווי טעג, אַז מען רעכענט אויפ'ן עולם העליון צוזאַמען די אמת'דיגע מענשליכע טעג, וואָס דער מענש האָט געלעבט, בלייבט ניט מעהר ווי שנתים, — צוויי יאָהר מענשליך לעבען און די איבעריגע יאָהרען זיינען ניט מעהרער געווען ווי בלויז ופרעה חולם — אַ קורצער חלום...

---

## ויגש

ויגש אליו יהודה, יהודה האָט זיך דערנעהנטערט צו יוסף'ן — האָט דער קאָצקער געטייטשט דעם פסוק — ויאמר און האָט געזאָגט צו איהם, בי אדני אין מיר איז גאָט.

---

די נוטריקון פון וואָרט ויגש מאַכען — האָט דער ראַדזינער רבי געזאָגט — „וויינט יודעלאך, גוואלט שרייט".

---

ר' נפתלי ראָפּשיצער האָט געטייטשט ויגש אליו — יהודה האָט געראָדט צו יוספ'ן, ער זאָל גלייך באַפרייען זיין ברודער בנימין, וועלען זיי אַזוי אַרום גרויס מאַכען גאָט'ס נאָמען, ווי די נוטריקון פון „ויגש אליו" מאַכען — „ג"דלו „ל"ד' „א"תי „ו"נרוממה „ש"מו „י"חדו...

אדני שאל את עבדיו לאמר, היש לכם אב — דער רבונו של עולם פרעגט אונז אידעלאך — האט דער איד הקדוש געזאגט — צי ווייסט איהר, אז איהר האט א טאטען אין הימעל, וואס וואכט און באשיצט אייך — געדענקט איהר איהם?

ונאמר אל אדני — ענטפערען מיר דעם רבש"ע, יש לנו אב זקן — אודאי ווייסען מיר, אז מיר האבען דעם אלטען טאטען אין הימעל, מיר זיינען אבער נארישע שלעכטע קינדער, ווייסען איהם ניט צו שעצען און אכטען...

---

כי איך אעלה אל אבי — האט דער חידושי הרי"ם געטייטשט ווי אזוי קען איך בעטען צו גאט, והנער איננו אתי, אז איך האב נאך ניט מתקן געווען דאס וואס איך האב געטאן אין די ימי־הנערות...

---

פאראן אידען — האט דער פשיסכער געזאגט — וואס שטרע־בען מיט אלע מעגליכקייטען איינצוקויפען זיך אין יחוס אין דער ניט אידישער געזעלשאפט, זיי וועלען אלס טאן, אבי די ניט אידען זאלען זיך מיט זיי חבר'ן. יוסף הצדיק האט אבער געטאן פונקט דאס פארקערטע, וואס מעהרער ער האט געקענט דערוויטערען, אפ־פרעמדען זיך פון די מצרים האט ער דאס געטאן. יוסף האט גע־וואוסט, כי תועבת מצרים כל רועה צאן, ווען ער האט פארגעשטעלט זיינע ברידער פאר פרעה'ן, האט ער איהם געזאגט — והאנשים רעי צאן.

---

## ויחי

וועגען דעם באקאנטען מאמר חז"ל, עתידה תורה שתשתכח מישראל, האט ר' חיים בריסקער געזאגט, אז דאס וועט מיט דער צייט זיין א גרויסע טובה פאר דאס אידישע פאלק, זאל גיכער אויסגעלייזט ווערען פון גלות און א שנעלע דערנעהענטערונג פון דער אידישער גאולה.

כידוע, האט יעקב אבינו פאר'ן טויט פאררופען אלע זיינע קינ־דער, יעדערען באזונדער אנגעזאגט א חלק מוסר, פראפעצייהעט זייער צוקונפט און צוגעטיילט יעדערען באזונדער א חלק ירושה.

שמעון ולוי, די צוויי ברידער, וואס האבען געהאט איין עצה צו הרג'ענען זייער ברודער יוספ'ן, האבען צוזאמען די מענשען פון דער שטאדט שכם אומגעבראכט, האט יעקב אבינו נאך דעם ווי ער האט זיי גוט אויסגע'מוסר'ט, פאר זייער שטארקען צארן און בייזען כעס, האט ער זייער צוקונפט פאראויסגעזאגט — אחלקם ביעקב, ואפיצם בישראל.

זאגט אויף דעם רש"י — אין לך עניים וסופרים ומלמדי תינוקות, אלא משבט שמעון, כדי שיהיו נפוצים. ארימעלייט און סופרים וואס שרייבען ספר־תורות, תפילין און מזוזות, און מלמדים וואס לערנען מיט אידישע קינדער תורה, זאלען שטענדיג קומען פון שבט שמעון, כדי זיי זאלען זיין צושפרייט צווישען אידען.

זיינען דארום די מענשען פון שבט שמעון די סופרים, מלמדי־תינוקות מעכב די גאולה, מחמת זייער עיקר פרנסה, פון וואנען זיי ציהען זייער חיונה, איז דאך פון ספרים שרייבען און אידישע קינדער תורה לערנען, היות, אז משיח וועט קומען וועט דאך זיין ומלאה הארץ דעה את ד', וכל בניך למודי ד'. וועט מען דאמאלט די סופרים ומלמדי־תינוקות ניט דארפען, האלטען זיי דעריבער תמיד אין איין בעטען, אז משיח, די אידישע גאולה, זאל אזוי שנעל ניט קומען, וועלען זיי האבען פון וואנען צו ציהען פרנסה.

זיינען אונזערע חכמים געקומען און געזאגט: עתידה תורה שתשתכח מישראל—ווען די תורה וועט פארגעסען ווערען ביי אידען אידישע קינדער וועלען די אידישע תורה ניט וועלען לערנען, וועלען פון אידישען חדר וויכען, דעם אידישען מלמד פארמיאוסען, וועלען דאמאלס די מענשען פון שבט שמעון, די סופרים ומלמדי־תינוקות, דערפילען דעם ביטערען טעם פונ'ם פינסטערען גלות און צוזאמען מיט אלע אידען וועלען זיי גאט בעטען אויף ביאת המשיח, אז די גאולה זאל וואס שנעלער קומען...

---

## שמות

די היינטיגע וואוילע יונגען, די פריי געזאנענע — האט דער רבי ר' בונם געזאגט — זיינען קיין אפיקורסים נישט, אז דער קאפ טוט זיי נאר וועה, אדער עס כאפט זיי אן א צאהן־וועהטאג, שרייען

זיי תיכף שמע ישראל. בלויז פרעה איז געווען דער אמת'ער אפיקורס, אז דער רבונו של עולם האט איהם געשלאגען מיט צעהן מכות, האט ער אליץ געהאלטען אין שרייען — מי ד' אשר אשמע בקולו...

---

ויאנחו בני ישראל מן העבודה — האט דער ווארקער רבי דעם פסוק אויף פאלגענדען אופן אויסגעטייטשט:

א קצב האט פרייטאג געהאקט פלייש ביז שפעט אין דער נאכט אריין. אז ער האט זיך געכאפט אז ס'איז שוין שפעט, האט ער ארונטערגעווארפען זיינע בגדים הצואים און גלייך געלאפען אין שוהל אריין. אין שוהל האט ער געטראפען פונקט צו „לכה דודי", האט ער געגעבען א טיעפען זיפץ, און אט דער טיעפער זיפץ וואס איז געקומען פון די טיעפע טיעפענישען פון זיין הארץ איז ניט געווען דער קצב, נאר דער איד אין איהם.

און אט דאס איז דער טייטש ויאנחו בני ישראל מן העבודה, דער איד האט פון זיי ארויסגעזיפצט און דורך דעם, וידע אלקים — האבען זיי אנערקענט דעם אויבערשטען און זיינען אויסגעלייזט געווארען פון מצרים...

---

## וארא

חבל על דאבדין ולא משתכחין —עס איז א גוואלד צו שרייען — האט דער גאסטינינער רבי געזאגט — אויף אן אבידה, וואס מען ווייסט, וואו זי ליגט, נאר מען קען זי ניט צוריק קריגען.

---

והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים — פארוואס האט דער רבונו של עולם גענוצט דאסווארט „סבלות" ניט דאס ווארט עבדות? —האט דער רבי ר' בונם געפרעגט—ווי קריעת ים סוף, ובכלל ווי איז איז די ארבייט זעהר שווער און ביטער געפאלען אויף די אידען. ביסלעכווייז האבען זיי זיך אבער צוגעוואוינט — הרגל נעשה טבע, אז דער אויבערשטער האט געזעהן די בני ישראל האבען זיך צוגעוואוינט צו דער מצרישער קנעכטשאפט, זיי ארבייטען בחומר ובלבנים און פיהלען דאס נישט, האט גאט באפוילען משה'ן, ער

זאָל זאָגען די אידען, והוצאתי אתכם מתחת סבלות מצרים, — אויב איהר אידען קענט שוין סובל זיין, געדולדיג פאַרטראָגען די מצרי'שע קנעכטשאַפט, טויג דאָס שוין נישט, מוז מען אייך תיכף ארויסציהען פון מצרים, ווייל אויב נישט, וועט איהר דאָס גאַנצע לעבען פאַרבלייבען אייביגע שקלאַפען.

# בא

לא ראו איש את אחיו —האָט דער חידושי הרי"ם געטייטשט — ווייל איינער האָט דעם אַנדערען ניט געקענט אָנקוקען, זיי האָבען זיך פיינט געהאַט, זיינען זיי געקומען דערצו, ולא קמו איש מתחתיו — אַז זיי האָבען זיך נישט געקענט באַוועגען און ריהרען.

# בשלח

ופרעה הקריב — נעבאַך, נעבאַך, — האָט דער איד הקדוש גע־קרעכצט, פרעה האָט דערנעהענטערט די אידען צו אונזער פאָטער אין הימעל, פרעה האָט נעבאַך גורם געווען — ויצעקו בני ישראל אל ד'.

קשים מזונותיו של אדם בקריעת ים סוף — וואָס עפּעס דוקא — האָט דער רבי ר' בונם געפרעגט — ווי קריעת ים סוף, ובכלל איז ביים רבונו של עולם שייך דאָס וואָרט שווער?

— ווען די אידען זיינען ארויסגעגאַנגען פון מצרים, זיינען געקומען צום ים־סוף און האָבען דערזעהען ווי די מצרים פאָלגען זיי נאָך זיינען זיי געוואָרען שטאַרק פאַרצווייפעלט און האָפנונגס־לאָז. זיי האָבען גאָר ניט געקענט באַגרייפען פון וואַנען און אויף וועלכען אופן גאָט וועט זיי שיקען רעטונג פון די מצרי'שע הענט. יעדער איינער האָט פאַר זיך געטראַכט, אַז די ישועה, די רעטונג, וועט קומען פון אַן אַנדער פּלאַץ. אַז דער אויבערשטער זאָל זיי באַ־ווייזען אַזאַ איבערנאַטירליכען נס, די הילף זאָל קומען דורכ'ן שפּאַל־טען דעם ים סוף און די מצרים, נאָכפאָלגענדיג די אידען, וועלען אינ'ם ים סוף דערטרונקען ווערען — דאָס איז קיינעם פון די יוצאי מצרים

אפילו אויפ׳ן רעיון ניט געקומען, וועגען דעם האָבען זיי לגמרי ניט געטראַכט. פונקט דאָס זעלבע איז מיטן מענשענ׳ס פרנסה. תמיד דאגה׳ט און זאָרגט דער מענש פון וואַנען וועט ער האָבען פרנסה, פון וואַנען וועט ער ציהען זיין חיונה, טראַכט אָפּט דער מענש, פון דאַנען, אָדער פון דאָרטען, וועט ער פאַרדינען זיין שטיקעל ברויט. גאַנץ אָפט דוכט זיך דעם מענשען אז די אויסזיכטען עפּעס צו פאַר־דינען זיינען האָפענונגסלאָזע, ער ווערט פאַרצווייפעלט, ער זוכט הילף. שיקט איהם דער אויבערשטער צו זיין פרנסה פון אזא אונ־דערוואַרטעט פלאַץ, וואָס ער האָט זיך לחלוטין ניט געריכט און איז איהם אפילו אויפ׳ן געדאַנק ניט געקומען...

## יתרו

שמע בקולי איעצך — האָט דער קאָצקער געטייטשט — אז יתרו האָט געזאָגט צו משה׳ן, דער עיקר איז אין דער עצה זאָלסט זיך צוהערען צו מיין קול...

---

אַ איד איז אַמאָל געקומען צום וואַרקער רבי׳ן, געבעטען אַ סגולה פאַר אַ חולה.

— גלויב מיר, איך ווייס ניט פון קיין סגולות — האָט איהם דער וואָרקער געענטפערט — די איינציגע סגולה וואָס מיר איז באַקאַנט, איז דער, והייתם לי סגולה פון גאָט.

---

וההר בוער באש עד לב השמים — דער באַרג האָט אין זיי אריינגעברענט מיט פייער — האָט דער פּשיסכער געטייטשט דעם פסוק — ביז עס האָט זיי געמאַכט אַ הימעלדיג הארץ.

---

ויענו כל העם יחדו — די אידען האָבען געכאַפּט די תורה, יעדער איינער האָט געוואָלט האָבען אַ חלק אין דער תורה — האָט דער אלעקסאַנדערער רבי געזאָגט—פונקט ווי עס טרעפט, אַ גרופּע מענ־שען שטעהען צוזאַמען, איינער פון דער גרופּע געפינט אַ מציאה, ווילען די ביישטעהענדע אויך זיין שותפים, שרייען זיי אוים אין איין אָטעם צום געפינער — יחדו.

לך אמור להם, שובו לכם לאהליכם — האט דער פשיסכער געטייטשט — אז גאט האט געזאגט צו משה'ן: לאמיר זעהן, ווי זיי וועלען זיך אין דער היים אויפפיהרען...

---

א יונגע פרוי איז אמאל געקומען פאר'ן קאשניצער מגיד מיט א געוויין, אז דער מאן האט געווארפען אן אומ'חן אויף איהר, האט זי פיינט געקראגען, שרייט זי איז מיאוס.

— נו, אפשר ביסטו שולדיג פארוואס דיין מאן האט דיך פיינט געקראגען, ביסט טאקע אפשר מיאוס געווארען? — האט זי דער קאזשניצער מגיד געפרעגט.

— וועה איז צו מיר און צו מיין לעבען — האט די יונגע פרוי שטארקער זיך צעוויינט — ווען איך בין מיט מיין מאן געגאנגען אונטער דער חופה, האט ער געזאגט צו מיר, אז איך בין די שענסטע און געליעבטסטע אין זיינע אויגען און איצט בין איך ביי איהם מיאוס געווארען?!...

אז דער קאזשניצער מגיד האט געהערט דער אידענעס ענטפער, האט ער אויפגעהויבעןביידע הענט צום הימעל און אויסגעשריען:

רבונו של עולם! ווען די אידען האבען געזאגט, נעשה ונשמע, האסטו זיי אנגעטהאן אויף די קעפ, האסט זיי גערופען גוי קדוש, עם סגולה, אז נאר זיי האסטו אויסדערוועהלט פון אלע אומות, און יעצט זיינען מיר ביי דיר נמאס געווארען, האסטו אן אומ'חן געווארפען אויף אונז — צור ישראל, קומה בעזרת ישראל!

---

## משפטים

ונקרב בעל־הבית אל אלקים—דער בעל־הבית קען נאר דאמאלסט דערנעהענטערען זיך צום רבש"ע, חבר'ן זיך מיט גאט, ווי א קרוב — האט ר' מאיר'ל פרימישלאנער געזאגט — אם לא שלח ידו במלאכת רעהו, אויב ער האט זיין חבר, דעם ארבייטער ניט געטאן קיין רעה, האט איהם ביי דעם ווארשטאט און נאך דער ארבייט, יושר'דיג, מענשליך, גוט באהאנדעלט.

אם במחתרת ימצא הגנב — האָט דער קאָצקער געטייטשט — אויב אַ מענש גראָבט אין זיך אַזוי טיעף און געפינט דאָס שלעכטע אין איהם — חיים שנים ישלם, — וועט זיין שכר אין לעבען זיין פּאָרדאָפּעלט.

---

ואנשי קודש תהיון לי — מענשליך, הייליג זאָלט איהר זיין צו מיר — האָט דער קאָצקער געטייטשט דעם פסוק.

---

אלקים לא תקלל — דער וואָס איז באמת אַן איש אלקים — האָט דער פּשיסכער געזאָגט — אַ צדיק, אַ געטליכער מענש, דער שעלט קיינמאָל נישט.

---

## תרומה

ווי העמודים, וחשקיהם כסף — האָט אַמאָל אַ באַוואוסטער רבי אַזוי אויסגעטייטשט — „ווי" די העקעלאַך, די חסידים, זיי זיינען „עמודים" — שטעהען שטאָל און אייזען פאַר זייער רבי'ן, וחשוקיהם, און זייערע גלוסטונגען, דער חשק צו פאַרברענגען אין רבי'נס סביבה "כסף" — פון זיי האָט דער רבי תמיד פּדיונים און פּרנסה בריוח...

---

ועשו לי מקדש, ושכנתי בתוכם — ס'איז דער חוב פון יעדען אידען — האָט דער קאָצקער געזאָגט — ער זאָל אליין זיך מאַכען אַ מקדש, די נשמה זאָל רוהען במנוחה.

---

## תצוה

כתית למאור, ולא כתית למנחות — דאָס לערענט אונז — האָט דער פּשיסכער געזאָגט — אַ מענשען מוסר'ן, דאַרף זיין למאור — אויפהויבען, צו לייכטען איהם, אַרויסנעמען פון שלעכטען וועג און צו ווייזען איהם דעם דרך־אמת. אָבער ניט למנחות — דערנידעריגען דעם מענשען, אַרונטערוואַרפען איהם, ער זאָל מעהר קיין תקומה ניט האָבען...

ד ו ד   ק י ר ש ע נ ב ו י ם

# כי תשא

מ'האָט אַמאָל געפרעגט דעם אַסטראָװוצער עלוי — פאַרוואָס זיינען די ערשטע צוויי פרשות אין כי תשא אַזעלכע גרויסע און די אַנדערע קלענערע?

— די חז"ל זאָגען — האָט דער אַסטראָוװצער עילוי געענטפערט — שאסור לקרות סומא לעלות לתורה, לפרשת התוכחה. ווייל צו אַ בעל־מום טאָר מען ניט לייענען פרשת מומין. היות, ווי אין פּרשת תשא ווערט דערציילט וועגען מעשי העגל, טאָר מען דאָך ניט רופען קיין ישראל, זאָל עולה לתורה זיין, ווייל די ישראלים האָבען דאָך געמאַכט דאָס עגל, זיינען זיי דאָך בעלי מומין, האָבען דעריבער אונזערע חכמים מסדר געווען אַז מעשי העגל זאָל געלייענט ווערען אין די ערשטע צוויי פּרשות, פאַר כהן און לוי און זיי, די כהנים און לוים, האָבען דאָך ניט געמאַכט דאָס עגל...

---

ויקנאו למשה במחנה, לאהרן קדוש ד' — אַ מאָדנע פאָלק איז דאָס אידישע, שווער און ביטער איז ביי אידען צו זיין אַ מנהיג — האָט ר' נפתלי ראָפּשיצער געזאָגט.

אין זייער באַציהונג צו די אידישע מאסען זיינען משה און אהרן געווען צוויי קאָנטראַסטען. משה האָט זיך געהאַלטען ווייט פון דער אידישער מחנה, איז ניט געווען קיין מעורב עם הבריות, מערהסטענס, האָט משה געלעבט פאַר זיך, אָפּגעזונדערט, איזאָלירט פון די אידישע מאסען, ווי די תורה דערציילט, ומשה יקח את האהל, ונטה לו, מחוץ למחנה, הרחק מן המחנה — האָט דאָס די אידען פאַרדראָסען, וואָס משה האָט זיך דערווייטערט פון דער מחנה ישראל, פאַרוואָס ער קומט ניט אין באַריהרונג מיט די פאָלקס מאסען, וואָס נאָר אַ דאַנק זיי איז ער אַן אדם גדול. פאַרוואָס לעבט ער אָפּגעזונדערט, פאַר־ ווענט התבודדות — וואָס איז, ס'פאַסט איהם ניט דאָס פּראָסטע איינפאַכע פאָלק? ויקנאו למשה במחנה...

דאַגעגען אהרן איז געווען אַ רודף שלום, אַן עושה שלום בין אדם לחבירו, ובין איש לאשתו — האָבען די אידען געקריגט אויף אהרנ'ען, פאַרוואָס ער מישט זיך צוזאַמען מיט די אידישע מאסען, וואָרום ער וואוינט אין דער מחנה ישראל, קומט אין ענגער

באציהונג מיט „עמך". ס'איז ניט שעהן — האָבען זיי גע'טענה'ט — פאַר אַ פאָלקס־פיהרער אַזוי אָפט צו קומען אין קאָנטאַקט מיט'ן פראָסטען איינפאַכען פאָלק, אויסהערען זייערע טענות, פאַרגלעטען זייערע קריוודעס, באַטייליגען זיך אין זייערע מחלוקת — קדוש ד'. אַ מנהיג פון פאָלק דאַרף שטעהן העכער פון פאָלק, דאַרף לעבען אָפּגעזונדערט, אָפּגעשיידט, פרעמד פון פאָלק.

אַזוי איז דאָס, פון דאַמאָלסט ביז היינט, געפינען אידען שטענדיג חסרונות אויף זייערע מנהיגים, ווי אַזוי זיי זאָלען זיך ניט אויפפיהרען, געפעלט זיי נישט, האָבען זיי שטענדיג אויסצוזעצען און קריטיקירען זייער פערזענליך לעבען און פיהרערשאַפט פון דער עדה...

---

לעשות השבת לדורותם — האָט דער חידושי הרי"ם געטייטשט — דער איד דאַרף דעם שבת אינגאַנצען אין זיך ארייננעמען, ווי אין אַ דירה וואָס ער וואוינט.

---

# ויקהל

ויקהל משה את כל עדת בני ישראל — האָט דער וואָרקער רבי געזאָגט — אַז דער עולם קומט זיך צוזאַמען — ויאמר אליהם — דאַרף דער רבי זאָגען תורה.

---

# צ ו

בעת דער מענש לעבט — האָט דער רבי מלובלין געזאָגט — איז ער אַ כהן. מדו בד, ומכנסי בד ילבש על בשרו — קליידט ער זיך אין זיידענע קאָסטבאַרע קליידער. ווען דער סוף פון מענשען קומט, והוציא את הדשן מחוץ—ווערט פון מענשען אש און בלאָטע.

---

ופשט את בגדיו — האָט דער רבי מלובלין געטייטשט דעם פסוק — די צייט פון מענשען מוז קומען, ווען מען ציהט דעם מענשען אַרונטער זיינע קליידער, ולבש בגדים אחרים — מען קליידט איהם אָן אַנדערע קליידער, די תכריכים. והוציא את הדשן מחוץ

למחנה — מען נעמט ארויס דעם גוף, דעם מענשליכען קערפער, פון זיינע נאָהענטסטע, טייערסטע און געליבטסטע — מחוץ לעיר, אויפ'ן בית־הקברות און מען באגראָבט איהם, אל מקום טהור, אויפ'ן בית־הקברות, וואָס ווערט גערופען דאָס הייליגע אָרט...

## מצורע

א חסיד איז אמאָל געקומען צום אלעקסאנדערער רבי'ן און געקלאָגט זיך פאַר איהם, אז פאַר א לאַנגער צייט שוין פייניגט איהם א שווערער טרוקענער הוסט, דאָקטוירים האָבען פאַר איהם גאָר קיין רפואה נישט, בעט ער דעם רבי'ן, ער זאָל איהם געבען א רפואה.

— זאָלסט מעהר ניט הוסטען — האָט דער רבי מיט א געמאכטער שטרענגקייט אויף איהם זיך געבייזערט — ווייל אין דער תורה הקדושה שטעהט — והת־גלח — דער גלח זאָל הוסטען...

## קדושים

דער גאָסטינינער רבי האָט איינמאָל געהייסען צוויי חסידים, זיינע מקורבים, זאָלען ארויספאָהרען צונויפמאכען א באדייטענדע נדבה פאַר א בכבוד'יגען אידען. זיינען זיי געקומען צו א ווארשעווער גביר, א גאָסטינינער חסיד, געבעטען איהם אין רבי'נס נאָמען א גרעסערע נדבה. דער גביר האָט זיי אָפּגעזאָגט. אז זיי זיינען צוריק געקומען קיין גאָסטינין, האָבען זיי דעם רבי'ן דערצעהלט פון גביר'ס שלעכטער האנדלונג, האָט זיי דער גאָסטינינער אָפּגעענטפערט:

— לא תשנא את אחיך בלבבך — אז דו האָסט א גוט הארץ, האַלט דאָס פאַר דיר, מיט דיין גוט הארץ טאָרסטו קיין אנדערען ניט פיינט האָבען.

---

ווי אזוי זאָל איך מקיים זיין דעם ואהבת לרעך כמוך — האָט ר' שלמה ליב לענטשנער געקלאָגט זיך — אז איך האָב זיך אליין פיינד, קען אויף זיך אליין ניט קוקען...

ר׳ יחזקאל׳ע קאָזמירער איז אַ מאָל געווען צו גאַסט ביים פּשי־סכער, זיינען זיי איינמאָל צוזאמען געגאַנגען שפּאַצירען, פּלוצים האָט ר׳ יחזקאל׳ע ארויסגענומען די טאַבאַק פּושקע, אונטערגעטראָגען דעם פשיסכער אַ שמעק טאַבאַק.

— פון וואַנען ווייסט איהר — האָט אים דער פּשיסכער מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט — אַז פונקט איצט האָב איך באַדאַרפט אַ שמעק טאַבאַק?

— פון וואַנען ווייסט די האַנט ביים מענשען — האָט איהם ר׳ יחזקאל׳ע אָפּגעענטפערט — אַז די נאָז, וויל אַ שמעק טאַבאַק? נאָר דערפאַר וויילביידע זיינען פון איין גוף. ווען ס׳איז פאַראַן אמת׳ע אחדות, איבערגעבענהייט און ליעבשאַפט בין אדם לחבירו זיינען זיי פונקט ווי איין גוף און איינער פיהלט דעם צווייטענס הצטרכות, פונקט ווי די האַנט פיהלט די באַדערפעניש פון דער נאָז...

---

## בחקתי

דער רבי ר׳ בער האָט געטייטשט דעם פסוק, ואכלתם בשר בניכם ובנותיכם, פאַר אַ לשון ברכה. ואכלתם, איהר וועט עסען, וועט הנאה האָבען, און גרויס תענוג האָבען — מבשר בניכם ובנותיכם — פון די בשורות טובות, וואָס מען וועט אייך איבערגעבען פון אייערע זיהן און טעכטער.

---

ווייסטו, פאַרוואָס אינמיטען דער תוכחה — האָט דער פּשיסכער אַמאָל געזאָגט צו אַ חסיד, וואָס האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ מיוחס —שטעהט דער פסוק, וזכרתי את בריתי יעקב, ואת בריתי יצחק, ואת בריתי אברהם אזכור — ווייסטו פאַרוואָס?

— גאָט זאָגט, ווייל דו ביסט טאַקע אַזאַ גרויסער מיוחס, איז דאָך אויף דיר נאָך מעהר קשה. דו מיוחס, שטאָלצירסט מיט דיינע עלטערען און אורעלטערען, פאַרוואָס פּראַקטיצירסטו נישט די גוטס־קייט, מענשליכקייט און גערעכטיגקייט פון דיינע אורעלטערן? קומט דיר דעריבער נאָך דיין יחוס, וואָס דו געהסט נישט אין די פוסטריט פון דיינע עלטערן און אורעלטערן נאָך מעהר צו שטראָפען און שלאָגען...

דוד קירשענבוים

# חקת

שבת, פרשת חקת, ווען די ארומיגע ביים טיש זיצענדע חסידים, האָבען מיט יראת הכבוד׳יגער געשפּאַנטקייט דערוואַרטעט צו הערען תורה פון חידושי הרי״ם וועגען ענין פּרה אדומה, האָט ער אָנגע־הויבען זאָגען תורה מיט דערצעהלען זיי דאָס פאָלגענדע פאָלקס מעשה׳לע:

פאַרצייטיגע יאָהרען איז אמאָל געווען א גרויסער געלערנטער בישאָף, א באַוואוסטער שונא־ישראל. האָט ער איינמאָל באַפוילען די אידען זאָלען אַרויסשטעלען זייערם א געלערנטען, א אידישען חכם, וואָס זאָל האָבען מיט איהם אַן עפענטליכען ויכוח וועגען דער אידי־שער אמונה און דער וואָס וועט דעם צווייטען מנצח זיין, זאָל אויפ׳ן אָרט אַרונטערגעוואָרפען ווערען פון דער ספּעציעל פאַר דעם צוועק הויך אויפגעבויטער פּלאַטפאָרם, גע׳הרג׳עט צו ווערען.

האָבען די אידען אין יענער צייט, ווי ביי יעדער עת־צרה וואָס טרעפט אידען, גוזר תענית געווען, פאַרזאַמעלט זיך אין די שוהלען, געוויינט און געבעטען צום אויבערשטען, ער זאָל צושיקען א אידישען חכם, וואָס זאָל זיין געבענשט מיט חכמה און שכל גובר צו זיין דעם רשע, דעם בישאָף.

א טאָג פאַר׳ן פון בישאָף באַשטימטען דאַטום, ווען דער עפענטליכער ויכוח זאָל פאָרקומען, איז געקומען צו די אידען פון יענער צייט א פּראָסט פּשוט׳ער איד, איינער פון המון, געבעטען זיך ביי די אידען, אז זיי זאָלען איהם שיקען פאַר׳ן אויסדערוועהלטען צו פאַרטרעטען זייער צד. ער האָט זיי געטרייסט, אז זיי זאָלען ניט דאגה׳ן, ער איז זיכער, מיט השי״ת הילף, וועט ער דעם שונא־ישראל באַזיגען, דער רשע וועט קריגען זיין פאַרדינטע מפּלה.

היות, קיין אידישער געלערנטער, וואָס זאָל איינווילינגען צו שטעלען זיך עפענטליך אין ויכוח מיט׳ן בישאָף און ריזיקירען מיט זיין לעבען, האָט זיך ניט געוויזען, האָבען די אידען בלית־ברירה געמוזט צושטימען צום אָנבאָט פון דעם פּראָסט פּשוט׳ן אידען. און צו גאָט האָבען זיי מיט דערשראָקענע פאַרצווייפעלטע הערצער גע־בעטען, ער זאָל באַווייזען א נס — דער איד זאָל מנצח זיין דעם

שונא־ישראל, דער רשע זאָל קריגען זיין שטראָף און דער איד זאָל געראַטעוועט ווערען.

אינ׳ם באַשטימטען טאָג פון ויכוח האָבען זיך פאַרזאַמעלט טויזענטער מענשען, צווישען זיי די גרעסטע און פּראָמינענטסטע פאַרשטעהער פון דער מדינה, אַלע זיינען זיי געקומען הערען דעם ויכוח פון בישאָף מיט דעם אידען.

דער בישאָף, אָנגעטאָן אין זיינע אָפיציעלע פּריסטליכע קליידער, איז גאוה׳דיג, שטאָלץ, מיט פעסטע זיכערע טריט, וואָס האָבען געוויזען, אַז ער איז בטוח מנצח צו זיין דעם אידען, אַרויפגעשטיגען אויף דער ספּעציעל הויך אויפגעבויטער פּלאַטפאָרם. באַלד איז אַרויפגעגאַנגען דער פּראָסט פּשוט׳ער קליינער איד, האָט זיך אַנטקעגענגעשטעלט פּנים אל פּנים דעם בישאָף.

אַזוי ווי ס׳איז פון פריהער באַשטימט געווען, אַז דער איד זאָל אָנהויבען דעם ויכוח, האָט דער פּראָסטער איד אַ פרעג געגעבען דעם בישאָף:

— דיר איז באַקאַנט די אידישע תורה, די אידישע אמונה?

— זיכער! — האָט דער בישאָף גאוה׳דיג אָפּגעענטפערט.

— קענסטו אויך די העברעאישע שפּראַך, וואָס די תורה איז אין איהר געשריבען געוואָרען?

— פרעג, וואָס דו ווילסט, אין העברעאיש! — האָט דער בישאָף מיט ביטול דעם אידען אָפּגעענטפערט.

— וואָס איז די באַדייטונג אין העברעאיש „איני יודע״...

— איך ווייס נישט! — האָט דער בישאָף תיכף הויך אָפּגעענטפערט.

גלייך ווי די אַרומשטעהענדע אויף דער פּלאַטפאָרם האָבען דערהערט דעם בישאָפס ענטפער, אַז ער איז מיט׳ן פולען מויל מודה, אַז ער ווייסט נישט און זיי האָבען דאָך ניט געוואוסט, אַז „איני יודע״ איז דער טייטש „איך ווייס נישט״, האָבען זיי דעם בישאָף, לויט׳ן אָפּמאַך פון פריהער, אַז דער וואָס וועט ניט וויסען אָפּצוענטפערען, זאָל פון דער הויך פון דער בימה אַרונטערגעוואָרפען ווערען — תיכף אַ כאַפּ געגעבען דעם בישאָף, אַרונטערגעוואָרפען איהם פון דער פּלאַטפאָרם און ער איז אויפ׳ן פּלאַץ מאָמענטאַל געהרג׳עט געוואָרען...

האט מען נאך דעם געפרעגט דעם פראסטען אידען: — ווי אזוי איז דיר עפעס איינגעפאלען אין מחשבה אזא רעיון צו פרעגען דעם בישאף די טייטש פון ווארט „איני יודע״?

— גאנץ איינפאך — האט דער איד תמימות׳דיג אפגעענטפערט — איך בין א פראסטער בשר־ודם, איך קען ניט לערנען, דארום ווען איך האב נאר צייט, לייען איך דעם „עברי־טייטש״ פון די הייליגע ספרים. זעה איך, אומעטום ווי עס שטעהט „איני יודע״, זאגט דער עברי טייטש — „איך וויים נישט״. נו, אויב דער הייליגער עברי טייטש, וואס איז אזא למדן, ווייסט דעם טייטש פון אלע הייליגע ספרים, ווייסט ניט די באדייטונג פון „איני יודע״, פון וואנען, פרעג איך אייך, זאל וויסען דער גוי, דער שונא־ישראל, דער בישאף...

און אט דאס זעלבע — האט דער חידושי הרי״ם פארענדיגט מיט א שמייכעל — איז אויך מיט׳ן ענין פרה אדומה. אויך די פרה אדומה איז א סוד פון איני יודע... לאמיר האפען אזוי ווי ס׳קען אמאל טרעפען, אז פון איני יודע זאל קומען א גרויסע ישועה אויף אידען, וועט אויך דער סוד פון איני יודע פון דער פרה אדומה ברענגען אמאל א ישועה אויף אידען...

---

צו וואס דארף א מענש האבען די בלינדע קישקע? דאקטוירים אפערירען דאך מענשען, שניידען אוים די בלינדע קישקע און די מענשען לעבען און זיינען געזונט?...

— כידוע — האט דער פשיסכער געענטפערט — געפינט זיך אין מענשען צוויי הונדערט אכט און פערציג אברים און דריי הונדערט פינף און זעכציג אדערען, אנטקעגען די צוויי הונדערט אכט און פערציג עשה׳ן, און דריי הונדערט פינף און זעכציג לא תעשה׳ן, וואס געפינט זיך אין דער תורה. צווישען זיי זיינען פאראן מצות מיט טעמים, אבער אויך מצות אהן א טעם. איז דארום אויך אין מענשען פאראן אברים, וואס זייער נוצליכקייט איז אונדערקלערבאר לגבי די מצות אין דער תורה, וואס זייער טעם איז ניט פארשטענדליך.

---

תורת ד׳ תמימה — האט דער אלעקסאנדערער רבי געטייטשט— די תורה איז א גאנצע, קיינער האט נאך ניט אנגעהויבען, וויפיעל

מ׳האָט געלערענט אין דער תורה, איז זי נאָך אַלץ ווי אין דער התחלה, בעת גאָט האָט זי געגעבען צו די אידען, אויפ׳ן בארג סיני.

# פנחס

ולא תהיה עדת ד׳, כצאן אשר אין להם רועה — משה האָט געבעטען ביים רבונו של עולם — האָט דער פשיסכער געזאָגט — אז דער נאָכפאָלגער זיינער, דער צוקונפטיגער פאָרשטעהער פון די אידען, זאָל ניט זיין פון דער אידישער אַריסטאָקראַטיע, נאָר פון פּראָסטען פאָלק, פון המון, פון צווישען די פאַסטוכער זאָל גאָט דערהויבען איינעם אלס מנהיג פון די בני־ישראל.

# מטות

החלצו מאתכם אנשים לצבא — —האָט דער פשיסכער געטייטשט — אויב איר וועט באַזיגען די אייגענע שלעכטע מדות, אויסוואָרצלען דאָס גראָבע, חיה׳שע פון זיך, דאַמאָלסט וועט איהר זיין — אנשים לצבא!

# דברים

א קינדערלאָזע פרוי, איהר נאָמען איז געווען לאה בת זיסעל, איז איינמאָל געקומען צו ר׳ מאיר׳ל פרימישלאַנער, ער זאָל בעטען פאר איהר זי זאָל האָבען קינדער. דער פרימישלאַנער האָט גראד געהאַלטען א חומש אין האנט, האָט ער אָן עפען געגעבען דאָס חומש, האָט זיך אויפגעמישט דער פסוק — וטפכם אשר אמרתם „לבז" יהיה.

— זעהסטו — האָט דער פרימשלאַנער מיט׳ן פינגער אין חומש אָנגעוויזען דער פרוי — האָסטו א פסוק אין דער תורה, וואָס זאָגט דו וועסט האָבן קינדער. וטפכם אשר אמרתם — קינדער וואָס דו בעטסט, „לבז" — צו „לאה בת זיסעל" יהיה — וועט זיין, זי וועט האָבען קינדער...

## ואתחנן

רבי, האָט אמאָל א חסיד מיט הארץ געזאָגט צום קאָצקער רבי'ן — איך וואָלט זעהר געוואָלט, אז מיינע קינדער זאָלען קענען לערנען.
— ווילסטו באמת, אז דיינע קינדער זאָלען קענען לערנען — האָט איהם דער קאָצקער אָפּגעענטפערט — לערען פריהער דו אליין, וועלען זיי האָבען פון ווּעמען זיך אָפּצולערנען, אזוי איז דער טייטש פון ושננתם לבניך — ושננתם אז דו וועסט לערנען, לבניך, — וועלען דיינע קינדער אויך קענען לערנען.

---

## עקב

והיה עקב תשמעון, והיה, איז דאָך א לשון שמחה — האָט דער קאָצקער געזאָגט — ס'וועט זיין א שמחה, אז די אידען וועלען זיך צוהערען צו די דאָזיגע משפּטים, ושמרתם ועשיתם אותם.

---

והיה עקב תשמעון — דער סוף וועט דאָך זיין — האָט דער פּשיסכער געטייטשט — אז איהר וועט זיך מוזען צוהערען, איז דאָך א סך גלייכער, איהר זאָלט זיך תיכף צוהערען.

---

והיה עקב תשמעון — האָט דער סאָסיווער געטייטשט — עס איז די פליכט פון יעדען מענשען זיך גוט איינצוהערען אין די טריט, וואוהין ער געהט, אויב ס'איז פאַר א גוטען צוועק. אויב נישט, זאָל ער בעסער זיצען אין דער היים און ניט געהן.

---

כל המצוה אשר אנכי מצוך היום — האָט דער ווארקער רבי געטייטשט — היינט, מאָרגען, איבערמאָרגען, תמיד, איבעראַל, אויף יעדען פּלאַץ, אין אלע ווינקעלאַך.

# ראה

ראה אנכי — ווען א מענש זאָגט, זעה ווער איך בין, איך בין איך, האלט זיך גרויס, גאוה'דיג, שטאָלץ. צווישען אזא מענשען און גאָט — האָט דער פרימישלאנער געזאָגט — איז תמיד פאראן א הבדל...

---

נתן תתן לו — האָט ר' מענדעלע קאָסיווער געטייטשט — אויב איינער גיט א נדבה אן אָרימאן און דער אָרימאן ווייזט טראָציג צוריק די נדבה, ער וויל גיט, ער בעט א גרעסערע נדבה—ולא ירע לבבך בתתך לו און דעם נדבן פאַרדריסט ניט דעם אָרימאנ'ס טראָציגקייט, זיין עזות, מיט א פרעהליך פּנים און צופרידען הארץ, איז ער איהם מוסיף א צווייטע גרעסערע נדבה — כי בגלל הדבר הזה — אָט אזא האנדלונג פון א מענשען איז דאָך אויסערגעווערהנליך, יברכך ד' אלקיך — פאר אזא ברייטהארציגער נאָבעלער באהאנד־לונג דעם אָרימאן וועט דיך גאָט בענשען, בכל מעשיך, ובכל משלח ידיך...

---

דער פשיסכער איז אמאָל געקומען אין א שטאָט אריין, האָט מען איהם דערצעהלט אז אין שטאָדט איז פאראן א בכבוד'יגער איד, וואָס איז אמאָל געווען אן עושר, איצט איז ער א יורד. האָט דער פשיסכער געשיקט נאָך דעם אָרימען אידען, געגעבען איהם א באדייטענדע נדבה. פאר'ן פארלאָזען די שטאָדט, האָט דער פשיסכער ווידעראמאָל געשיקט נאָך דעם אָרימען אידען און גע־געבען איהם נאָך א גרעסערע נדבה ווי די ערשטע. האָט דער אָרי־מער איד געפרעגט דעם פשיסכער:

— זאָל מיר דער רבי מוחל זיין פאר'ן פרעגען, פארוואָס גיט מיר דער רבי א צווייט מאָל אזא גרויסע נדבה?

— די ערשטע נדבה וואָס איך האָב דיר געגעבען — האָט איהם דער פשיסכער געענטפערט — איז געווען פון דעם רחמנות

געפיהל, וואס יעדעם אידיש הארץ פארמאגט, די איצטיגע נדבה גיב איך דיר, מקיים צו זיין די מצות עשה מן התורה — נתן תתן לו...

---

## שופטים

**שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך** — ס'איז די פליכט פון יעדען מענשען — האט דער גאסטינינער געזאגט — אפט אריינצוקוקען אין די אייגענע רמ"ח אברים ושס"ה גידין און זעהן ווי מ'זעהט אוים...

---

ר' נפתלי ראפשיצער האט גע'שמ'ט פאר א גרויסען חכם. איינמאל האט דער ראפשיצער צוזאמענגעטראפען זיך מיט'ן רבי מלובלין, האט דער רבי מלובלין געזאגט צום ראפשיצער:

— ווייסט איהר, ר' נפתלי, אז אין דער תורה שטעהט ניט חכם תהיה עם ד' אלקיך, נאר תמים תהיה עם ד'?

טאקע צו זיין א תמים עם ד' — האט דער ראפשיצער כלאחר־יד אפגעענטפערט — דארף מען באנוצען אויסערגעוועהנליכע חכמה...

---

ר' מענדעלע קאצקער האט געזאגט, די „ת" פון תמים תהיה עם ד' אלקיך, איז אין דער ספר תורה געשריבען גרוים, אז זי קען אריינגעמען די גאנצע וועלט, חוץ בעל גאוה, וואס זיינען נאך גרעסער...

---

## תצא

**ועשית מעקה לגגך** — האט ר' שלמה לענטשער געטייטשט — די תורה גיט אן אזהרה דעם מענשען, ער זאל מאכען א צוים, א שמירה, אויפ'ן דאך אין זיין קאפ, ניט צוצולאזען קיין שלעכטע מחשבות און שטותים אין זיין מוח, ווייל טראכטען וועגען אן עבירה איז שווערער און פיינליכער ווי די עבירה אליין, ווי די אותיות פון „מעקה" מאכען — הרהורי עבירה קשים מעבירה.

א חסיד האָט אמאָל געפרעגט דעם פשיסכער פאַרוואָס האָט די תורה פאַרזאָגט, זכור את אשר עשה לך עמלק, בלשון יחיד — עמלק האָט דאָך געשטערבט דאָס גאַנצע פאָלק ישראל אויסצוראָטען און עוקר זיין, דאַרף דאָך שטעהן לכם בלשון רבים ?

האָט דערויף דער פשיסכער געענטפערט: — אמת טאַקע, עמלק האָט געציעלט דאָס גאַנצע פאָלק ישראל אומצוברענגען, יענע אי־דען, וועלכע האָבען זיך אָפגעשיידט פון דער אידישער מחנה, זיינען געגאַנגען באַזונדער, זיינען פון עמלק'ן גע'הרג'עט געוואָרען און די אידען, וועלכע האָבען זיך פעסט געהאַלטען איינגעשלאָסען אין דער אידישער מחנה האָט עמלק קיין שלעכטס ניט געקענט טאָן, דעריבער האָט די תורה געוואָרענט זכור את אשר עשה לך עמלק בלשון יחיד — זאָלסט געדענקען וואָס עמלק האָט געטאָן צו דיר, ווען דו ביסט געווען א פורש מן הצבור...

---

## נצבים

מ'האָט אמאָל ביי א חסיד ווען ער איז געווען ביים רבי'ן אוועק־גע'גנב'עט זיין גאַנצען געפעק. איז ער מיט א געוויין אריינגעלאָפען צום רבי'ן, ער זאָל איהם העלפען געפינען דעם גנב.

— שרייב אויף א פאַפיר די נעמען פון די אַלע מענשען, וואָס ביסט זיי חושד אין דער גנבה — האָט איהם דער רבי געהייסען.

צווישען די מענשען, וואָס דער חסיד האָט פאַרדעכטיגט אין דער גנבה, איז געווען א איד, וואָס האָט געהייסען חיים. אז דער רבי האָט איבערגעלייענט דאָס צעטעל נעמען, האָט ער איהם געזאָגט:

— חיים האָט גע'גנב'עט דיין געפעק, אזוי בפירוש שטעהט אין פסוק, ובחרת בחיים...

---

## האזינו

האזינו השמים — האָט דער קאַצקער געטייטשט — פאַרנעמט הימליש !

צור ילדך תשי, ותשכח אל מחוללך — האָט ר' הלל ראדישיצער געטייטשט — צור, דאָס שטאַרקייט, ילדך, פון דער יוגענד, תשי, האָסטו אין מיר שלאַף געמאַכט, ותשכח, דורך דעם האָב איך גע־פונען, אל מחוללך — דעם גאָט, וואָס האָט מיר דאָס לעבען זיס געמאַכט.

---

## ברכה

וזאת הברכה אשר ברך משה — משה רבינו האָט געבענשט די אידען — האָט ר' שלמה ליב לענטשנער געזאָגט — אַז יעדער איד זאָל זיין אַן איש אלקים...

---

וזאת הברכה אשר ברך משה — דער עיקר ברכה וואָס משה רבינו האָט געבענשט די בני ישראל — האָט דער אמשינאָווער רבי געזאָגט — אַז מיט די אידען זאָל תמיד זיין אַ צדיק הדור, אַן איש אלקים...